**ישראל שטיינבערג**

*

# פסוקים און טייטשן

לשלמה [illegible]

בחיבה

ישראל שטיינבערג

31/XII 1969

י. שטיינבערג

# פסוקים און טייטשן

פארלאג
י.ל. פרץ
ישראל

תש"ל / 1969

געווידמעט

מיין שוועגערין און שוואָגער ע"ה
איטעביילע מאַלווין (פון דער היים גראַפּע)
און חיים פנחס מלאך (מאַלחין)

## ווי אַזוי צו באַנוצן זיך מיטן טעקסט :

ערשטער זאַץ (פעטע שריפט) — פסוק (און מקור).
צווייטער זאַץ (אָדער זאַצן) — טײַטש.
דריטער זאַץ (אָדער זאַצן) ציטאַט (און מקור).

ק י ר צ ו נ ג ע ן :

ממ״ס — מענדעלע מוכר ספרים
ש״ע — שלום־עליכם

# א

**אבי הנביאים** (לויט דברים לד, 10)

דער פאָטער פון אַלע נביאים. משה רבנו.

ער (אַנגעלאָ) האָט געמאָלט און געהאַקט אין שטיין אַ סך נביאים — אָבער דעם אבי־הנביאים האָט ער געגעבן די סאַמע מאַיעסטעטישע, סאַמע מעכטיקסטע באָרד.

(מ. ראַוויטש: „דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן")

**אבי יתומים** (תהילים סח, 6)

פאָטער פון יתומים, פאַרזאָרגער פון עלנטע קינדער, גאָט.

נישטאָ קיין טאַטע, דער אייבערשטער איז אָבער אַן אבי־יתומים, איז דאָך דאָ אַ זיידע.

(ש. מילער: „דור המדבר")

**אבל וחפוי ראש** (מגילת אסתר 9, 12)

טרויעריק און מיט אַ פאַרדעקטן קאָפּ. צעבראָכן און פאַרשעמט.

בין איך אַרויסגעגאַנגען פון דאָרט אָבל וחפוי־ראש — אַ צעבראָכענער, אַ צעבערעקלטער.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**אבן מקיר תזעק!** (חבקוק ב׳ 11)

אַ שטיק פון וואַנט וועט שרייען. די שטיינער פון די ווענט וועלן געוואַלדעווען וועגן דער רשעות.

צי ווייסט ער נישט דעם סוד פון אבן מקיר תזעק, אַ שטיין פון דער וואַנט וועט שרייען!

(י. ל. פרץ: „דאָס בלאָנדזשען אין מדבר")

**אבן נגף** (ישעיה ח, 14)

שטרויכלשטיין, שטרויכלונג, שטערונג, מכשול.

קאַן, בכן, דער פּראָספּעקט פון מיליטער נישט זיין קיין אבן־נגף צום גליק־שידוך.

(מ. ראַוויטש: „דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן")

**אגיל ואשמח** (פון שבת־זמירות)

איך וועל לוסטיק און פריילעך זיין. ס'איז אַ גיל ואשמח — ס'איז גוט און פיין.

נישט געשפּאָרט קיין מי, אַז ער (דער ספר) זאָל אַרויסקומען, ווי מען זאָגט, אגיל ואשמח — קיילעכדיק און שפּיצערדיק.

(ממ"ס: „דאָס קליינע מענטשעלע")

**אדם דואג על איבוד דמיו ואינו דואג על איבוד ימיו** („מעבר יבוק")

אַ מענטש זאָרגט אויפן פאַרלוירענעם געלט און נישט אויף די פאַרלוירענע יאָרן.

אדם דואג על איבוד דמיו ואינו דואג על איבוד ימיו — די טעג וועלן צוריק נישט קומען, און דאָס געלט ווערט נישט מיטגענומען.

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט")

**אדם הראשון מכל העולם הוצבר עפרו** (סנהדרין לח)

דער שטויב, פון וועלכן אדם הראשון איז אויסגעפורעמט געוואָרן, איז צונויפגעזאַמלט פון דער גאַנצער וועלט.

אַלע קומען אַרויס פון איין מקור, פון אדם הראשון, ווי רבי מאיר פלעגט זאָגן: אדם הראשון מכל העולם הוצבר עפרו... קיינער איז נישט קיין מיוחס און קיינער איז נישט פון קיין נידעריקן גראַד.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**אדם יסודו מעפר וסופו לעפר** (פיוט פון ימים נוראים)

דער מענטש קומט פון דער ערד און קערט זיך אום צו דער ערד.

אדם יסודו מעפר וסופו לעפר — אַ מענטש איז שוואַכער פון אַ פליג און שטאַרקער פון אייזן.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**אדם לעמל יולד** (איוב ה, ז)

אַ מענטש איז צו אַרבעט (צו מאַטערניש) געבוירן.

עס איז נישטאָ קיין ברירה, מען מוז זיך מאַטערן, אדם לעמל יולד.

(י. קאַטיק)

**אדם קרוב לעצמו** (לויט סנהדרין ט)

אַ מענטש איז נאָענט צו זיך. אַ מענטש זאָרגט קודם־כל פאַר זיך.

אדם קרוב לעצמו — אַז מען איז גוט פאַר יענעם, איז מען שלעכט פאַר זיך.

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער״)

**אדם רוצה בקב שלו מתשעה קבים של חברו** (בבא מציעא לח)

אַ מענטש וויל בעסער איין מעסטל זיין אייגנס איידער ניין מעסט־לעך יענעמס.

און ער, ר׳ זישעלע, עסט וואָס די רביצין באַקט... אדם רוצה בקב שלו.

(י. ל. פרץ: „וואָס אַ מאָל וויניקער״)

**אהוב את המלאכה ושנא את הרבנות** (אבות א, י)

האָב ליב מלאכה און האָב פיינט רבנות (הערשאַפט, גרויסקייט).

„אהוב את המלאכה ושנא את הרבנות"... צי בען האָט טאַקע ליב זיין אַרבעט ווייסט ער נישט, אָבער אַז ער האָט פיינט די „רבנים" (אינטעליגענטן), דאָס איז זיכער.

(ש. מילער: „דור המדבר״)

**אהבה התלויה בדבר** (אבות ה, טז)

ליבשאַפט צוליב עפּעס. נישט קיין ריינע ליבשאַפט.

מען רעדט שוין נישט פון אַן אהבה התלויה בדבר, אַ ליבע צו גאָט, וואָס איז אויסן לאַנגע יאָרן, קינדער און פרנסה.

(ה. צייטלין: „אַריינפיר אין חסידות״)

**אהבת הבריות** (אבות א, יב)

ליבשאַפט צו מענטשן.

נאָר ליבשאַפטן זענען פאַראַן אַ סך: ס'איז פאַראַנען אהבת המקום, אהבת הבריות, אַ ליבשאַפט צו כל־ישראל. (י. ל. פרץ)

**אהבת ישראל**

ליבשאַפט צו יידן.

מיט אהבת ישראל דערהייבן מיר זיך צום זיבעטן הימל.

(י. י. טרונק: „משיח־געהיטער")

**אהבת נפש** (שמואל־א כ, 17)

ליב האָבן מיט דער גאַנצער נשמה, מיטן גאַנצן האַרצן.

יעקב באַטאַשאַנסקי האָט אהבת־נפש ליב יידן, יידיש און יידיש לעבן.

(יעקב גלאַטשטיין)

**או חברותא או מיתותא** (תענית כג)

אָדער לעבן אין געזעלשאַפט אָדער דער טויט.

אַ מענטש איז אַ יצור חברתי און קאָן נישט לעבן אָפּגעזונדערט... או חברותא או מיתותא.

(א. א. ראָבאַק)

**אוד מוצל מאש** (זכריה ג, 2)

אַן אָפּגעברענט האָלץ אַרויסגעריסן פון פייער. באַצייכענונג פאַר אַ מענטש וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון חורבן.

זיין עליה קיין ארץ־ישראל האָט ער דערגרייכט שוין נאָכן חורבן־פוילן, ווי אַן אוד מוצל מאש.

(נ. שמן: „דאָס געזאַנג פון חסידות")

**אוהב ישראל**

יידנפריינט.

די חסידישע לעגענדע ווייסט צו דערציילן ווי אַזוי די רביים,

**אוהבי ישראל**, האָבן אַקטיוו זיך באַטייליקט, צו העלפֿן דעם אָרעמען אָרענדאָר.

(נ. שמן: „דאָס געזאַנג פֿון חסידות")

**אוחז (האוחז) ביד** (פּיוט פֿון ראש־השנה)

האָט אין דער האַנט. האָט אויף דעם אַ „חזקה".
אָבער אַ תּקיף איז „ער", אַן אוחז ביד איז „ער".

(ממ"ס: „ספר הגילגולים")

**אווירא דארץ־ישראל מחכים** (בבא בתרא קנח)

די לופֿט פֿון ארץ־ישראל מאַכט קלוג.

איך האָב ליב ארץ־ישראל צוליב דעם אווירא דארץ־ישראל, וואָס איז מחכים, וואָס מאַכט קלוג.

(נ. שמן: „דאָס געזאַנג פֿון חסידות")

**אומה ולשון** (עבודה זרה ה)

פֿאָלק און שפּראַך. נאַציע און פֿאָלק.

ווי נעמט מען דעם ירמיהו, וואָס זאָל באַוויינען אונדזער הײַנטיקן חורבן פֿון אומה ולשון, ווו?

(א. גאָלאָמב: „אייביקע ווענן פֿון אייביקן פֿאָלק")

**אומות העולם**

פֿעלקער פֿון דער וועלט. באַצייכענונג פֿאַר נישט־יידישע פֿעלקער.

ביי די אומות העולם וואָלט דאָך די געבוירנשטאָט פֿון אַזאַ גרויסן נאַציאָנאַלן קינסטלער ווי פּרץ פֿול געווען מיט אים.

(נ. מייזיל: „י. ל. פּרץ")

**אומר ועושה**

געזאָגט און געטאָן. נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות.
ס'איז געווען אומר ועושה, געזאָגט און געטאָן.

(י. האָפּער: „ר' זלמן")

**אוצר בלום** (אבות דר׳ נתן יח)

אַן אָנגעשטאָפּטער אוצר. באַצייכענונג פאַר אַ מענטש מיט אַ סך וויסן.

ער האָט אַרויסגעוויזן אַ טיפע בקיאות אין דער וועלט־ליטעראַטור, געווען ממש אַן אוצר בלום.

(נ. מייזיל: „פאָרגייער און מיטצייטלער")

**אור לגויים** (ישעיה מב, 6)

ליכט פאַר פעלקער, וועגווייזער פאַר אַנדערע אומות.

[ישראל] איז געוואָרן אַן אור לגויים, אַ ליכט־פאַרשפּרייטער, אַ פאָרויסטרעטער אויף דעם וועג פון דער גאולה.

(ש. אַש: „דער תהילים־ייד")

**אורים ותומים** (שמות כח, 30)

ליכט און אמת. נאָמען פון הייליקן גורל, דורך וועלכן דער כוהן פלעגט מודיע זיין די תשובה אויף דער געשטעלטער פראַגע. באַצייכענונג פאַר אַן אויטאָריטאַטיוון ווערק.

די האַנטביכער זענען דאָך אייגנטלעך די „אורים־ותומים" פון דעם בילדונג־דאָרשטיקן מענטש.

(א. א. ראָבאַק)

**אותות ומופתים** (דברים ד, 34)

צייכנס און וואונדער. קלאָרע באַווייזן, איבערצייגנדיקע אַרגומענטן.

ער האָט זיי אויפגעקלערט און באַוויזן מיט אותות ומופתים, אַז עס איז נישט גוט, וואָס מענטשן קריגן זיך.

(ש"ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

**אזלת לקרתא — הלך בנימוסה (הלכת לעיר — לך במנהגיה)**

(בראשית רבה מח)

גייסטו אין שטאָט — פיר זיך לויט אירע מנהגים, „אין וואָסער שול מען קומט, אַזאַ קדושה שפּרינגט מען".

ער מוז זיך צופּאַסן צו די אײנװױנער און צו די באַדינגונגען פון יעדן אָרט... אזלת לקרתא — הלך בנימוסה.

(נ. שמן: „דאָס געזאַנג פון חסידות")

**אזניים לכותל** (ויקרא רבה לב)

װענט האָבן אויערן.

מען גלייבט נישט די בני־בית, מען ציטערט פאַר די װענט... אזניים לכותל.

(ד"ר ח. שאָשקעס)

**אח לצרה** (משלי יז, 17) *

אַ ברודער אין אַן עת־צרה. אַ שותף אין אַן אומגליק.

האָבן מיר אין דעם פּרט מער װי איין אח לצרה ביי די כינעזער און ביי די גריכן.

(א. א. ראָבאַק)

**אחד בפה ואחד בלב** (פסחים קיג)

אַנדערש רעדט ער און אַנדערש טראַכט ער.

ער האָט נישט פאַרטראָגן קיין צביעות, ער האָט פיינט געהאַט מענטשן װאָס זענען אחד בפה ואחד בלב.

(נ. מייזיל)

**אחד המרבה ואחד הממעיט** (ברכות ה)

דער פאַרמעגלעכער װאָס גיט אַ סך צדקה און דער נישט־פאַרמעגלעכער װאָס גיט װייניק זענען גלייך (סיי מערער, סיי װייניקער, אַבי מיט אַ גוטער כּװנה).

גיט, יידן, אַ נדבה, װיפל אייער האַרץ פאַרטראָגט... אחד המרבה ואחד הממעיט!

(ש"ע: „קנאָרטן")

**אחד מעיר ושנים ממשפחה** (ירמיה ג, 14)

איינער פון אַ שטאָט און צװיי פון אַ משפחה. בלויז יחידים.

געהערט די שטים האָבן אַלע, אָבער „דערהערט" האָבן זי אחד מעיר ושנים ממשפחה.

(אהרן צייטלין: „מיין פאָטער")

**אחיזת־עינים** (סנהדרין סז)

אַ פאַרבלענדעניש פאַר די אויגן, אַן אָפּנאַרעריי.

דאָס האָט נישט קיין ממשות, עס איז בלויז אַן אחיזת־עינים, אַ פאַרבלענדעניש פאַר די אויגן. (ממ"ס)

**אחינו אתה!** (סוטה מא)

ביסט אונדזער ברודער! ביסט אַן אייגענער.

אחינו אתה, מיר פילן דיך מיטטראָגן מיט אונדז אַלע יאָרן.

(ש. ביקל: „יעקב באַטאָשאַנסקי")

**אחינו בני־ישראל** *

אונדזערע יידישע ברידער, אונדזערע יידן.

אָט דאָ ביי אונדז אין דער בלאָטע ווילט איר מאַכן געשעפטן?..

צווישן אחינו בני־ישראל?.. מיט יידן איז גוט קוגל עסן.

(ש"ע: „מנחם מענדל")

**אחרון אחרון חביב** (רש"י: בראשית לג, 2) *

דער לעצטער איז דער ליבסטער.

מען שטודירט די שריפטן פון מאַקס נאָרדאָו און טעאָדאָר הערצל און אחד־העם און מ. ז. פייערבערג און אחרון אחרון — חיים נחמן ביאַליק.

(מ. ראַוויטש: „דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן")

**אחרי ככלות הכל** (פון דער תפילה „אדון עולם") *

נאָך אַלעמען.

דו מיינסט דאָך, טביה, אַז עס איז שוין אחרי ככלות הכל — עק וועלט, דער הימל איז אויף דיר געפאַלן?

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**אחרי מות — קדושים אמור!**

נאָכן טויט זאָג: קדושים! נאָכן שטאַרבן לויבט מען דעם מענטש. דער אויסדרוק איז געשאַפֿן געוואָרן אויפֿן יסוד פֿון די דריי שכנותדיקע פּרשות אין ספר ויקרא: „אחרי מות" („נאָכן טויט"), „קדושים" („הייליקע"), „אמור" („זאָג").

און נישט מחמת זי איז שוין אויף דער אמתער וועלט דערפֿאַר לויב איך זי, ווי זאָגט איר: אחרי מות — קדושים.

(ש"ע: „מעשיות פֿון טויזנט איין נאַכט")

**אחרי רבים להטות** (שמות כג, 2)

נאָכן רבים זאָל מען גיין, מען גייט לויט דער מערהייט.
אחרי רבים להטות — אַ רבים פּירט שטענדיק אויס.

(פֿאָלקסווערטל)

**אחרית הימים** (לויט ישעיה ב, 2)

די ווייטע צוקונפֿט. משיחס צייטן.

משיח לעבט אין האַרץ פֿון דער מענטשהייט, וואָס בענקט און גאַרט צו אים, צו יענעם „אחרית הימים", וואָס איז אָנגעזאָגט געוואָרן.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פֿון אייביקן פֿאָלק")

**אחת דתו להמית** (מגילת אסתר ד, 11)

עס קומט אים טויטשטראָף.

אַזאַ זאַך ווייסט איר מיט וואָס עס שמעקט? מורד במלכות — איז אחת דתו להמית!

(ש"ע: „מעשיות פֿון טויזנט איין נאַכט")

**אַטו מילתא זוטרתא היא? (כלום דבר קטן הוא?)** (לויט ברכות לג)

צי איז דאָס אַ קלייניקייט?

אויפֿצושטעלן אַזאַ אינסטיטוציע אַטו מילתא זוטרתא היא? ס'איז מיטן מויל אַרויסצורעדן?

(א. א. ראָבאַק)

**אי אפשר לבית־המדרש בלא חידוש** (חגיגה ג)

דער קיום פון אַ לערן־אַנשטאַלט איז נישט געמאָלט אָן נייע אויפטועך.

אי אפשר לבית־המדרש בלי חידוש — ווי אויף אַ בוים וואָס לעבט דאַרפן כסדר קומען נייע בלעטער... אַזוי מוזן פון יידישקייט אַרויס־וואַקסן כסדר נייע תורות, נייע אידעען.

(א. גאָלאָמב: „ר׳ שמעון ראַבידאָוויטש")

**איזהו גבור? — הכובש את יצרו** (אבות ד, א)

ווער איז דער גיבור? — דער וואָס באַהערשט זיין יצר־הרע.

ער קאָן מיט אָט דעם כוח פון זיין האַרץ ווייזן געוואַלדיקע גבורות אין דער בחינה פון: איזהו גיבור? — הכובש את יצרו.

(ה. צייטלין: „ר׳ נחמן בראַצלאַווער")

**איזהו חכם? — הרואה את הנולד** (תמיד לב)

ווער איז אַ חכם? — דער וואָס זעט פאַר דעם רעזולטאַט.

איזהו חכם הרואה את הנולד — מאַכן תקנות איז גרינג, קריק (צוריק) רופן זיי איז שווער.

(א. א. ראָבאַק)

**אימת מוות** (תהילים נה, 5)

טויטשרעק. גרויסער פחד.

אַן אימת־מוות איז אים באַפאַלן פאַר דעם מעכטיקן פויסט און דעם פייערדיקן בליק.

(ש. אַש: „משה")

**אימתא דציבורא (אימת הציבור)** (סוטה מ)

מורא פאַרן קהל. שרעק פאַרן עפנטלעכן אויפטריט („טרעמע").

האַלטן פלעגט ער זיך אויף דער טריבונע שטאָלץ, נישט פאַר־לירנדיק זיך קיין מאָל אין רעדנערישער אימתא דציבורא.

(א. צייטלין)

**אין אדם דר עם נחש בכפיפה אחת** (יבמות קיב)

אַ מענטש טאָר נישט װוינען צוזאַמען מיט אַ שלאַנג (אין אײן קױש).

מען טאָר זיך נישט געפינען מיט אַזעלכע רשעים אין אײן מחיצה... אין אדם דר עם נחש בכפיפה אחת. (ש. ל. ציטראָן)

**אין אדם משים עצמו רשע** (סנהדרין ט)

אַ מענטש מאַכט זיך נישט אַלײן פאַר קײן רשע.

— יאָ, רבי — ענטפערט דער בחור — מײן נשמה איז אַ זינדיקע... זאָגט ר׳ חייא: — אין אדם משים עצמו רשע...

(י.ל.פּרץ: „מסירת־נפש״)

**אין אדם נתפס בשעת צערו** (בבא בתרא טז)

מען משפּט נישט קײן מענטש פאַר נישט פּאַסיקע רײד, װאָס ער האָט גערעדט אין אַ צײט פון צער (פון אומגליק).

ס׳איז איר ביטער... אין אדם נתפס בשעת צערו.

(י. באַשעװיס: „די פאַמיליע מושקאַט״)

**אין אדם רואה את נגעי עצמו** (לויט נגעים ב)

אַ מענטש זעט נישט די אײגענע נגעים (די אײגענע חסרונות).

אַ מענטש איז דאָך נישט מער װי אַ מענטש... אין אדם רואה את נגעי עצמו, מען מוז צו עמעצן טענות האָבן.

(מ. סמבטיון: „אַ גרוס פון יענער װעלט״)

**אין אורח מכניס אורח** (דרך־ארץ זוטא ח)

אַן אורח ברענגט נישט מיט נאָך אַן אורח.

איך אַלײן זיץ אויף קעסט בײ יענעם, מיט װאָס פאַר אַ יושר קאָן איך נאָך צונעמען צו מיר מײן שותף? אין אורח מכניס אורח.

(ממ״ס: „אין אַ שטורעמצײט״)

**אין אפוטרופוס לעריות** (כתובות יג)

אין סעקסועלע ענינים געטרויט מען קײנעם נישט.

אַלס באַזונדער פּאַרפּירעריש ווערט באַטראַכט דער סעקסועלער אינסטינקט... אין אַפּוטרופּוס לעריות.

(ח. גרינבערג: „ייִד און וועלט״)

**אין בודקין למזונות** (בבא בתרא ט)

מען קאָנטראָלירט נישט נאָך דעם מאַטעריעלן מצב פון דעם מענטש וואָס בעט עסן.

אין בודקין למזונות — פרעגט מען נישט ווער און וואָס, עסן קומט יעדער לעבעדיקער נשמה.

(י. ל. פּרץ: „שמע ישראל״)

**אין הקומץ משביע את הארי** (ברכות ג)

אַ ביסל קאָן נישט זאַט מאַכן אַ לייב. די מיטלען זענען קליינע לגבי די באַדערפענישן.

מען מאָנט, מען קלייבט צונויף, אָבער ס'איז ווי אַ טראָפּן אין ים... אין הקומץ משביע את הארי.

(ש. מילער)

**אין חכם כבעל הניסיון** (מילי דאבות)

נישטאָ אַזאַ חכם ווי דער, וואָס איז אַליין געפּרוווט געוואָרן.

איצט וועט ער שוין וויסן, ווי אַזוי זיך נוהג צו זיין מיט ווייב און קינד... אין חכם כבעל־הנסיון.

(י.האָפּער: „ר' תנחום״)

**אין טוב שאין בו רע** (תנחומא, מבוא)

נישטאָ קיין גוטס, וואָס זאָל נישט האָבן אין זיך קיין שלעכטס.

ווייזט אויס, אַז אין טוב בלא רע, נישטאָ קיין גוטס אָן שלעכטס, בײדע זאַכן גייען שטענדיק געפּאָרט.

(שלמה ראָזענבערג)

**אין כוחו אלא בפיו** (במדבר רבה כ)

זיין כוח איז נאָר אין מויל (ער קאָן בלויז רעדן).

שטילע, אויסגעווייקטע, פאַרמאַטערטע רבנים, שאין כוחם אלא בפיהם.

(י. ל. פרץ)

**אין כל חדש תחת השמש** (קוהלת א, 9)

נישטאָ קיין נײַעס אונטער דער זון.

אין כל חדש תחת השמש — יעדע זאַך הענגט אָפּ פון אַ פריער־דיקער זאַך.

(י. ל. פרץ: „פון יוחנן מלמדס מעשהלעך")

**אין לדבר סוף** (בבא מציעא ס)

עס האָט נישט קיין סוף, ס'איז אַ מעשה אָן אַן עק.

אַז מיר וועלן אָנהייבן פרעגן קשיות: למאי אַזוי און למאי אַזוי, איז אין לדבר סוף — אַ מעשה אָן אַן עק.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**אין לך אדם בלי יסורים** (בראשית רבה צב)

נישטאָ קיין מענטש אָן יסורים. יעדער טראָגט זײַן „פּעקל".

הקיצור, אין לך אדם, שאין לו פּעקל.

(ש"ע: „אָרעמע און פריילעכע")

**אין לך דבר העומד בפני הרצון** (ספר אוסישקין)

נישטאָ קיין זאַך וואָס זאָל שטיין קעגן ווילן. מיט אַ שטאַרקן ווילן קאָן מען אַ סך דערגרייכן.

אין לך דבר העומד בפני הרצון — מיר דאַרפן נאָר שטאַרק וועלן האָבן ארץ־ישראל.

(ר. בריינין: „פון מײַן לעבנסבוך")

**אין לשער** ·

זיך גאָרנישט פאָרצושטעלן. נישט אָפּצושאַצן.

די פרייד פון געפינען עפּעס אַליין איז אין לשער.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

**אין מביאין ראיה מן השוטים** (שבת קד)

פון קיין שוטים ברענגט מען נישט קיין ראיה.

וואָס ברענגסטו מיר ראיות פון זיי? אין מביאין ראיה מן השוטים!

(י. י. אנכי)

**אין מזל לישראל** (שבת קנו)

דער גורל פון יידן הענגט נישט אָפּ פון מזלות (פון פלאַנעטן און שטערן). יידן האָבן נישט קיין מזל.

אין מזל לישראל — ישראל האָט נישט קיין פאַטום, קיין גוטן אָדער שלעכטן שטערן.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**אין מוקדם ומאוחר בתורה** (מכילתא, בשלח)

אין דער תורה איז נישטאָ קיין „פריער" און „שפּעטער". די תורה איז נישט געשריבן לויטן כראָנאָלאָגישן סדר.

אין מוקדם ומאוחר בתורה — דאָס אַלטע איז ניי, דאָס נייע איז אַלט.

(י. ל. פרץ: „אַ שמועס")

**אין נביא בעירו** (ר"ש אלגאזי: „אהבת עולם")

אין זיין אייגענער שטאָט איז דער נביא נישט אָנערקענט.

— אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל וועלן מיינע ברידער מיך בעסער פאַרשטיין... אין נביא בעירו — האָט ער מיט אַ שמייכל געזאָגט.

(ש. ראָזענבערג: „שבתי צבי")

**אין סומכין על הנס** (קידושין לט)

מען טאָר זיך נישט פאַרלאָזן אויף קיין נס.

עפּעס טרעפן זיך מיט דיר נסים, מלאכים היטן דיך, אָבער געדענק, אַז אין סומכין על הנס. (י. פריליך)

**אין צבור עני** (ירושלמי, גיטין ג)

נישטאָ קיין אָרעמער קהל.

דאָס איז נישט קיין ענין פֿאַר אַ יחיד, נאָר פֿאַר קהל... אין ציבור עני, נישטאָ קיין אָרעמער קהל.

(י. י. טרונק)

**אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא** (קוהלת ז, 20)

נישטאָ קיין צדיק אויף דער וועלט, וועלכער זאָל טאָן נאָר גוטס און נישט זינדיקן.

אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא... אַ צדיק ווערט אויך נכשל.

(ב. האַגער: „מלכות חסידות")

**אין קול ואין עונה** (מלכים־א יח, 26) *

„נישטאָ קיין קול און נישטאָ קיין ענטפֿער". מען הערט נישט און מען זעט נישט.

און וואָס איך האָב צו אים נישט גערעדט איז געווען אומזיסט, אין קול ואין עונה.

(י. קאַטיק)

**אין רחמים בדין** (לויט כתובות פד)

געזעץ ווייסט נישט פֿון קיין רחמנות.

אין רחמים בדין — דין ווייסט נאָר שׂכל און געזעץ און מאַכט נישט קיין חילוק צווישן גרויס און קליין.

(י. י. טרונק: „משיח־געהיטער")

**אין רע שאין בו טוב** (בראשית רבה סח)

נישטאָ קיין שלעכטס, וואָס זאָל נישט האָבן אין זיך עטוואָס גוטס.

אין רע שאין בו טוב... פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס גוטס קאָן זײַן אַ קערנדל און דאָס שלעכטס אַ גאַנצער באַרג.

(א. א. ראָבאַק: „די אימפּעריע יידיש")

**אין שני נביאים מתנבאים בסגנון אחד** (סנהדרין פט)

צוויי נביאים זאָגן נישט נביאות מיט איין נוסח.

יעדער עכטער שרייבער האָט זיין אָריגענעלן נוסח... אין שני נביאים מתנבאים בסגנון אחד.

(נ. מייזיל)

**אינה דומה שמיעה לראייה** (לויט מכילתא, יתרו)

עס איז נישט גלייך דאָס הערן ווי דאָס זען די זאַך מיט די אייגענע אויגן.

מ׳האָט טאַקע געגלייבט יעדעס וואָרט וואָס איז אָנגעקומען פון דאָרט, אָבער אינה דומה שמיעה לראייה.

(שלמה ראָזענבערג: „שבתי צבי״)

**אינו דומה מי שיש לו פת בסלו למי שאין לו פת בסלו** (יומא יח)

ס׳איז נישט גלייך דער הונגער פון איינעם וואָס האָט ברויט אין קויש (כאָטש ער עסט נישט) צום הונגער פון דעם, וואָס האָט נישט קיין ברויט.

ער איז פאַרט געווען איר מאַן און זי זיין ווייב, און אין דומה מי שיש לו פת בסלו למי שאין לו פת בסלו.

(י. האָפּער: „ר׳ תנחום״)

**איצטלא דרבנן** *

רבנישער מאַנטל. באַצייכענונג פאַרן רבנישן אַמט.

היינט אַז ער האָט אָנגעטאָן אַן איצטלא דרבנן, האָט ער אָפּגעריסן מיט די אַלטע חברים.

(י. אָפּאַטאָשו: „אין פוילישע וועלדער״)

**איש אשכולות** (לויט סוטה פרק ט, ט)

תלמודישע באַצייכענונג פאַר אַ גרויסן למדן און בקי אין פאַרשיידענע חכמות. אַן ענציקלאָפּעדישער קאָפּ.

צווישן די יידיש־שרייבערס געהערט ב... צום זעלטענעם מין, ער איז אַן איש־אשכולות: אי ווי אַ פּילזייטיקער שריפטשטעלער, אי ווי אַ בקי אין דער יידישער קולטור־שאַפונג.

(מ. שטאַרקמאַן: „כה לחי״)

**איש הישר בעיניו יעשה** (שופטים כא, 25

איטלעכער טוט וואָס אים געפעלט.

זאָלן זיי נישט מיינען, אַז די וועלט איז הפקר און איש הישר בעיניו יעשה. (ש. מילער)

**איש לפעלו ואדם לעבודתו** (לויט תהילים קד, 23

איטלעכער צו זיין באַשעפטיקונג און יעדער צו זיין אַרבעט.

איך נעם מיך צוריק צו דער אַרבעט... ווי שטייט דאָרטן: איש לפעלו ואדם לעבודתו — דער שניידער צו דער שער און דער שוסטער צום וואַרשטאַט.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**איש מפי איש** *

איינער האָט געהערט פון אַנדערן.

די שטאָט איז געוואָר געוואָרן דעם אינהאַלט פון ביכל, איש מפי איש, און דווקא אָן אַ טעלעפאָן. (ש"ע: „משוגעים")

**איש ריב ואיש מדון** (ירמיה טו, 10

אַ מענטש פון קריגערייַ און מחלוקת. אַ מענטש וואָס האָט אַ סך קעגנער.

מען האָט דעם פייערדיקן איש ריב ואיש מדון קיין מאָל נישט געזשאַלעוועט.

(א. צייטלין: „מיין פאָטער")

**איש תחת גפנו ותחת תאנתו** (מלכים־א ה, 5

איטלעכער אונטער זיין ווייַנשטאָק און אונטער זיין פייַגנבוים.

זיצסט זיך תחת גפנך ותחת תאנתך... וואָס זשע פעלט דיר אויסעט?

(ד"ר ג. ברוסילאָוו: „ביי די טייכן פון פאַלעסיע")

**אל מלא רחמים** (תפילה נאָך געשטאָרבענע) *

גאָט וואָס איז פול מיט דערבאַרעמקייט. ערשטע ווערטער פון דער תפילה נאָך געשטאָרבענע און אומגעקומענע.

אין שול האָט מען געמאַכט אַן אל־מלא־רחמים אויף די הרוגי־קישיניעוו. אַלטע יידן האָבן געוויינט, ווייבער זענען געפאַלן אין חלשות.
(ש״ע : „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט״)

## אַל תאמן בעצמך עד יום מותך (אבות ב, ד)

זאָלסט נישט גלייבן אין זיך ביזן טאָג פון דיין טויט (מען טאָר זיך אַליין נישט געטרויען).

— תנחום, אל תאמן בעצמך עד יום מותך... גרעסערע פאַר דיר זענען אין אַזעלכע זאַכן בכשל געוואָרן.
(י. האָפּער : „ר׳ תנחום״)

## אַל תדין את חברך עד שתגיע למקומו (אבות ב, ד)

זאָלסט נישט משפטן דיין חבר ביז דו וועסט נישט זיין אויף זיין אָרט (אין זיין מצב).

די שרעקלעכע בויט האָט מיך צו דעם געטריבן... אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו. (ש. סאַפּיר : „שלמה מיימון״)

## אַל תיטוש תורת אמך (משלי א, 8)

זאָלסט נישט פאַרלאָזן די תורה פון דיין מוטער.

אל תיטוש תורת אמך — מיינט פשוט די אָנווייזונגען וואָס אַ מאַמע גיט אירע קינדער, ווי זיי זאָלן זיך פירן.
(א. גאָלאָמב : „אייביקע ווענן פון אייביקן פאָלק״)

## אל תסתכל בקנקן אלא במה שיש בו (אבות ד, כ)

קוק נישט צום קרוג, נאָר צו דעם וואָס אין אים איז פאַראַן.
געמיינט : משפט נישט קיין מענטש לויט זיין אויסזען.

ביים נענטערן אָנבליק האָב איך אינסטינקטיוו דערפילט די שיינקייט פון שולמאַנס נשמה... אל תסתכל בקנקן אלא במה שיש בו.
(ר. ברייינין : „פון מיין לעבנסבוך״)

## אל תען כסיל כאוולתו (משלי כו,4)

זאָלסט נישט ענטפערן דעם נאַר לויט זיין נאַרישקייט.

מען לאָזט אים פּלאַפּלען און מען ענטפערט נישט, ווי ס׳שטייט:
אל תען כסיל כאוולתו.

(י. באַשעוויס: „דער פּאַסטער")

**אל תפתח פה לשטן!** (לויט ברכות יט) *

זאָלסט נישט עפענען דאָס מויל פאַרן שטן! זאָג נישט קיין שוואַרצע נבואה.

וואָס די יידן רעדן, וואָס פון מויל זיי ברענגען... אל תפתח פה לשטן.

(י. ל. פּרץ)

**אל תצר צרת מחר** (יבמות סג)

זאָרג נישט וועגן דער צרה פון מאָרגן.

אל תצר צרת מחר — זאָרג נישט וועגן מאָרגן, ווייל דו ביסט נאָך מיטן היינט אויך נישט זיכער.

(ש. מילער)

**אל תשליכני לעת זקנה!** (תהילים עא, 9)

פאַרלאָז מיך נישט אויף דער עלטער.

ווי שטייט דאָרט? — אל תשליכני לעת זקנה... נאָר צייט [מיין אַלטיטשקע] איז געשטאָרבן, זאָג איך דיר, אַז איך בין אויס מענטש.

(י. אָפּאַטאָשו: „אין פּוילישע וועלדער")

**אל תתהלל ביום מחר** (משלי כז, 1)

זאָלסט זיך נישט באַרימען מיט דעם מאָרגן.

מסתמא איז נישט באַשערט, ווי זאָגט איר: אל תתהלל ביום מחר — אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט.

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער")

**אל תתייאש מן הפורענות!** (אבות א, ז)

זיי זיך נישט מייאש, אַז עס קומט אַ צרה.

**אל תתיאש מן הפורענות — אַ געפּאַלענער איז נישט קיין פאַרפאַלענער.**

(י. קאַטיק)

**אלו ואלו דברי אלוהים חיים** (עירובין יג)

סיי די, סיי יענע רייד זענען פון לעבעדיקן גאָט. ביידע דעות האָבן אַ יסוד.

ביידע [שטראָמען] זענען געווען דברי אלוהים חיים, פונעם יידישן פאָלקס־דמיון.

(ש. ביקל: „איציק מאַנגער")

**אלמנה חיה** (שמואל־ב כ, 3)

אַ לעבעדיקע אלמנה (אַן עגונה).

דו ביסט אַוועק קיין אַמעריקע און מיך האָסטו... אַוועקגעוואָרפן אַן אלמנה חיה!

(ש"ע: „מנחם מענדל")

אין **אלף השישי** אַריין *

אין זעקסטן טויזנט (צייט די וועלט שטייט). גאָר ווייט.

איר הייבט שוין אָן, דאַכט מיר, פאַרקריכן אין אלף השישי אַריין.

(ש"ע: „משוגעים")

**אם אין אני לי — מי לי?** (אבות א, יד)

אויב איך זאָרג נישט פאַר מיר — ווער וועט פאַר מיר זאָרגן?

אם אין אני לי, מי לי? — אַז איך וועל נישט טאָן... ווער וועט פאַר מיר טאָן?

(ה. צייטלין: „חסידות")

**אם אין קמח — אין תורה** (אבות ג, יז) *

אַז ס'איז נישטאָ קיין מעל (קיין ברויט), איז נישטאָ קיין תורה.

אַז מען איז הונגעריק, לערנט מען נישט... אם אין קמח, אין תורה.

(אַבאַ גאָרדין)

**אם אין תורה — אין קמח** (אבות ג, יז)

אַז ס׳איז נישטאָ קיין תורה, איז נישטאָ קיין מעל (קיין ברויט).

ס׳איז אַ כלל: אם אין תורה, אין קמח — דאָרט וווּ ס׳איז נישטאָ קיין קולטור, איז דאָ הונגער.

(ש. מילער)

**אם אני כאן, הכל כאן** (סוכה נג)

אַז איך בין דאָ, איז אַלץ דאָ. אויך איך קאָן אַ סך אויפטאָן גוטס אויף דער וועלט.

זייט אײַך, חלילה, נישט מבטל! אדרבא, דער מענטש דאַרף זאָגן: אם אני כאן, הכל כאן — אין מיר און אין מײַנע מעשים הענגט אָפּ, אויב איך זאָל איבערוועגן די וואָגשאָל פֿון דער גאַנצער וועלט.

(ש. אַש: „דער תהילים־ייִד״)

**אם אשכחך, ירושלים, תשכח ימיני!** (תהילים קלז, ז)

אויב איך וועל דיך, ירושלים, פֿאַרגעסן, זאָל פֿאַרגעסן ווערן (זאָל געליימט ווערן) מײַן רעכטע האַנט.

האָט עס ליב! — ווײַזט ער מיר אַרום און אַרום אויף דעם שטח פֿון ירושלים, ס׳שטייט דאָך געשריבן: אם אשכחך, ירושלים, תשכח ימיני!

(יעקב פּאַט: „שמועסן מיט שרײַבער אין ישראל״)

**אם השעה משחקת לך אל תחמיצנה**

אויב די שעה שפּילט דיר צו, פֿאַרשפּעטיק זי נישט.

דאָס איז אייער שעה, פֿאַרשלאָפֿט זי נישט... אם השעה משחקת לך אל תחמיצנה!

(ש. ל. ציטראָן)

**אם כל חי** (בראשית ג, 20)

מוטער פֿון לעבן, מאַמע פֿון אַלע לעבעדיקע באַשעפֿענישן.

רחל לאה איז נישט נאָר אַ מוטער צו אירע קינדער.... זי איז עפּעס אַ מין אם כל חי.

(ש. ניגער: „דערציילער און ראָמאַניסטן״)

**אם כן מה נאכל?** (לויט ויקרא כה, 20)

אויב אַזוי, וואָס וועט מען עסן?

זיין כבוד וועט געוויס טראַכטן: אם כן מה נאכל? דער תירוץ איז: איך בין גרייט צו לעבן אויף ענג ברויט און וואַסער פון בויט, אַבי איך זאָל קאָנען אָנקומען גלייך אין אוניווערסיטעט.

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט")

**אם לא יועיל לא יזיק** *

אויב ס'וועט נישט העלפן, וועט עס אָבער נישט קאַליע מאַכן.

פון דער אַנדערער זייט, האָב איך זיך געטראַכט, וואָס קאָן מען דאָ פאַרלירן? אם לא יועיל לא יזיק.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**אם לא עכשיו — אימתי?** (אבות א, יד) *

אויב נישט איצט — ווען דען?

אם לא עכשיו — אימתי? יידן, עס איז געקומען די צייט.

(מ. בורשטין)

**אם למדת תורה הרבה, אל תחזיק טובה לעצמך** (אבות ב, ח)

אויב דו האָסט געלערנט אַ סך תורה, פאַרלאַנג נישט דערפאַר קיין דאַנק.

אַ ייד טאָר זיך נישט האַלטן גרויס מיט דעם וואָס ער האָט אַ סך געלערנט, ווייל ס'שטייט: אם למדת תורה הרבה אל תחזיק טובה לעצמך!

(ה. צייטלין: „אַריינפיר אין חסידות")

**אם עם־הארץ הוא חסיד — אל תדור בשכונתו!** (שבת סג)

אויב אַן עם־הארץ איז אַ חסיד, זאָלסטו נישט וווינען אין שכנות מיט אים.

די חכמים זאָגן: אם עם־האָרץ חסיד, אל תדור בשכונתו — איז אַן עם־האָרץ אַ חסיד טאָר מען נישט וווינען ביי אים, נישט שטיין אין זיינע ד אמות.

(ממ"ס)

**אם פגע בך מנוול זה, משכהו לבית־המדרש** (סוכה נב)

קומט צו דיר דער יצר־הרע, שלעפּ אים אַריין אין בית־המדרש (נעם זיך צום לערנען).

קומט צו דיר דער יצר־הרע, רעדט דיך אָן צו טאָן שלעכטס, טו וואָס די גמרא זאָגט: אם פגע בך מנוול זה, משכהו לבית־המדרש — לערן, מיין קינד!

(ש. מילער: „דור המדבר")

**אמור לחכמה: אחותי את!** (משלי ז, 4)

זאָג צו דער חכמה: דו ביסט מיין שוועסטער.

חכמה דאַרף מען ליב האָבן און טייער האַלטן, ווי ס'שטייט: אמור לחכמה: אחותי את!

(י. פריילין)

**אמור מעט ועשה הרבה** (אבות א, טו)

רעד ווייניק און טו אַ סך.

עס זענען אַוועק די צייטן פון שיינע דרשות, היינט דאַרפן מיר מעשים, ווי עס שטייט: אמור מעט, ועשה הרבה.

(ש. ל. ציטראָן)

**אמת מארץ תצמח** (תהילים פה, 12)

דער אמת וועט אַרויסשפּראָצן פון דער ערד.

אמת מארץ תצמח — דער אמת ליגט אין דער ערד טאַקע, אָבער בישט לאיבוד גייט זיין זריעה.

(י. גאָלדקאָרן: „עפּיגראַמאַטיש")

**אני הגבר** (איכה ג, 1)

איך בין דער מאַן. ביי מיר איז דאָס געשען.

אני הגבר וואָס האָב געזען דעם חורבן פון מיין פאָלק אין זיין איינפּנימדיקן גרויל.

(א. סוצקעווער: „די גאָלדענע קייט", 50)

**אני ואפסי עוד!** (ישעיה מז, 8)
איך, און חוץ מיר איז נישטאָ קיינער!
נאַפּאָלעאָן — דאָס איז דער סימבאָל פון הערשער־גאווה, פון אני ואפסי עוד!
(ה. צייטלין: „אַריינפיר אין חסידות")

**אני לדודי ודודי לי** (שיר השירים ו, 3)
איך בין זיין פריינד און ער איז מיין פריינד.
— מרדכי יוסף, עס שטייט: אני לדודי ודודי לי... אַז ווען איך בין גאָטס פריינד, איז גאָט אַ פריינד צו מיר. בעטלער קאָנען קיין פריינד נישט זיין.
(ש. אַש: „דער תהילים־ייד")

**אני מאמין** (רמב"ם: „י"ג עיקרים" פון דער יידישער אמונה) *
איך גלייב. באַצייכענונג פאַר אַן עיקר־פונקט אין אַן אידעישער איבערצייגונג.
איך האָב געזען אייך ציטערן פון גרימצאָרן און צער, ווען אייער גלויבן: „אני מאמין באמונה שלמה אין פעלקער־פריינדשאַפט" איז געלעגן טויט אין באַבי־יאַר.
(חיים גראַדע)

**אנשי שלומנו (אנ"ש)** (ירמיה לח, 22) *
אייגענע מענטשן, אונדזעריקע.
אגב וויל איך מיך פאַרענטפערן פאַר אנשי־שלומינו.
(י. ל. פרץ: „פון יוחנן מלמדס מעשהלעך")

**אסור לדבר!**
מען טאָר נישט רעדן (שרעקלעכע זאַכן).
ער מאַכט פון זיך אַ תל, רעדט אויף זיך אויס אסור לדבר.
(י. י. זינגער: „חבר נחמן")

**אסור לרחם!** (ברכות לג)
מען טאָר נישט האָבן (אויף אים) קיין רחמנות.

אומזיסט און אומנישט זיך אײנעקשענען אָפּצומאַטערן דעם גוף מיט אַ מהלך פון וואָכן צו פוס, אסור לרחם!

(ב. האַגער: „מלכות חסידות")

**אסיא דמגן — מגן שוי (רופא של חינם — שווה חינם)** (בבא קמא פה)

אַן אומזיסטער דאָקטער — אומזיסט (נישט ווערט) זײַן היילן.

ס׳איז אַזוי ווי אין תלמוד שטייט: אסיא דמגן, מגן שוי — אַ דאָקטער וואָס היילט בחינם, איז ווערט בחינם.

(א. א. ראָבאק: „די אימפּעריע יידיש")

**אסתרא (איסתירא) בלגינא קיש קיש קריא**

**(מטבע „איסתירא" אחד בתוך כד ריק מקשקש)** (בבא מציעא פה)

איין מטבע „איסתירא" אין אַ ליידיקן קרוג קלאַפּט שטאַרק. בדרך־משל: אַן עם־הארץ מאַכט אַ גרויסן טומל.

איסתירא בלגינא קיש קיש קריא — פון ליידיקע פעסער איז דער ליאַרעם גרעסער.

(פאָלקסווערטל)

**אף־על־פי־כן**

פון דעסטוועגן, און דאָך.

דער „אף־על־פי־כן" באַהערשט גיכער אונדזער דראַנג צו זײַן און צו שאַפן, ווי די גאַנגבאַרסטע טעאָריעס.

(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען")

**אפילו גוי ועוסק בתורה הרי הוא ככוהן גדול** (סנהדרין נט)

אויב אַ נישט־ייד לערנט תורה, איז ער חשוב ווי דער כוהן גדול.

תורה איז אַלץ, בלוט און אָפּשטאַם גאַרנישט... אפילו נכרי (גוי) ועוסק בתורה הרי הוא ככוהן גדול.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**אפילו ריקנים שבך מלאים מצוות כרימון** (ברכות נז)

אפילו די זינדיקע יידן זענען פול מיט מצוות, ווי אַ מילגרוים מיט קערנער.

פושעי־ישראל מלאים מצוות כרימון... אַ שטאַרקע קשיא: אויב יעדער איינציקער ייד פאַרמאָגט אַזאַ ירושה, ווי אַזוי זינדיקט ער פאָרט?
(ה. צייטלין: „אַריינפיר אין חסידות״)

**אפכא (איפכא) מסתברא** (שבת סט) *
פונקט פאַרקערט.
אונדזערע אידעען און געדאַנקען זענען אַ תולדה פון דער „איפכא מסתברא״־פסיכיק: אַז דו זאָגסט אַזוי, דאַרף איך דאָך במילא זאָגן פאַרקערט.
(א. גאָלאָמב: „אייביקע ווענן פון אייביקן פאָלק״)

**אָך להעשיר** (משלי כח, 20)
יאָגט זיך רייך צו ווערן.
דאָס געשעפט זאָל נאָר זיין אַ געשעפט, דו ווייסט דאָך, אַז איך בין נישט קיין אָץ להעשיר.
(ש״ע: „מנחם מענדל״)

**אָך קוצָך**־שפּראַך
פאַרדאַרבן לשון, פאַרנעפּלטער סטיל. דער אויסדרוק איז געשאַפן געוואָרן אויפן יסוד פון דעם פאַרנעפלטן פיוט אויף פורים („אָך־קוצָך״) פון ר׳ אליעזר הקליר.
העברעיש איז אַ מוזיקאַליש לשון, סיידן מען טוט זיך אָן אַ כוח עס צו פאַרדאַרבן מיט אָך־קוצָך־ווערטער.
(א. א. ראָבאַק: „פאָלקסגייסט אין יידיש״)

**אצבע אלוהים** (שמות ח, 15) *
אַ פינגער פון גאָט. אַ צייכן פון הימל.
אָבער היי־יאָר זעט ער אָן אצבע אלוקים, אַ בפירושן צייכן פון אויבן.
(יהודה עלבערג: „מפטיר יונה״)

**אקמצא ובר־קמצא חריב ירושלים** (על קמצא ובר־קמצא חרבה ירושלים)
(גיטין נה)

איבער קמצא און בר־קמצא איז חרוב געוואָרן ירושלים. — שינאת־חינם ברענגט חורבן.

יעדער לייענער ווייסט מסתמא די מעשה פון קמצא און בר־קמצא — אָן אומפאַרשטייעניש, וואָס צוליב דעם איז חרוב געוואָרן ירושלים.

(א. א. ראָבאַק: „די אימפעריע ייִדיש")

פון **ארבע כנפות הארץ** (לויט ישעיה יא, 12) *

פון פיר עקן לאַנד, פון אומעטום.
מען וועט קומען מארבע כנפות הארץ.

(י. ל. פרץ)

**ארבע מיתות בית־דין** (סנהדרין פרק ז) *

פירערליי טויטשטראָפן (וואָס פלעגן אַ מאָל ביי יידן אָנגעווענדט ווערן).

עס איז אים דערפאַר געקומען קרימינאַל, אַרבע מיתות בית־דין, אַ קלייניקייט — מורד במלכות!

(ש"ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

פון **ארבע פינות העולם** (לויט יחזקאל מג, 20) *

פון אַלע פיר עקן וועלט, פון אומעטום.

מאַנוסקריפּטן און ביכלעך פלעגט ער באַקומען מארבע פינות העולם.

(נ. מייזיל)

**ארובות השמים נפתחו** (בראשית ז, 11)

די פענצטער פון הימל האָבן זיך געעפנט. ס'גיסט אַ שלאַקסרעגן.

זע נאָר: ארובות השמים נפתחו... אפשר קומט ווידער אַ מבול אויף דער ערד?

(ד"ר נ. ברוסילאָוו)

**ארחי־פרחי**

וואַנדערנדיקע לײדיקגײער. וואַגאַבונד.

הינטער זײ האָבן זיך געהערט די בעטל־קולות פון די ארחי־פרחי, דאָס קלאַפּן פון די צדקה־פּושקעס.

(י. י. טרונק: „משיח־געװיטער״)

**ארי שבחבורה** (קידושין מח) *

דער לײב פון דער גרופּע. די סאַמע חשובע פּערזענלעכקײט פון דעם קרײז.

דאַרפן מיר זיך זען מיט דעם קאַרלינער — דאָס איז דער ארי שבחבורה, דער קאָפּ, דער מנהיג.

(ממ״ס)

**אריכות־ימים** *

לאַנגע יאָרן. לאַנג לעבן.

דוד פּינסקי איז געװען אַ קינסטלער מיט אריכות־ימים און מיט אַ יאָרן לאַנגן שאַפן.

(ז. שזר: „אַ מצבה פאַר דוד פּינסקי״)

**ארך־אפּים** (משלי טז, 32)

געדולדיקער, געלאַסענער.

זי װײסט, אַז גאָט, ברוך הוא, איז אַן ארך־אפּים, ער װאַרט אװדאי.

(י. ל. פּרץ: „אַ פאַרשטערטער שבת״)

**ארץ זבת חלב ודבש** (במדבר יד, 8)

אַ לאַנד װאָס פליסט מיט מילך און האָניק. אַ לאַנד פון כל־טוב.

אַ לאַנד — אויף אונדז בײדן אַזאַ יאָר! ארץ זבת חלב ודבש!

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער״)

**אש זרה** (ויקרא י, 1)

פרעמד פײער. נישט קײן הײליק פײער.

אַזוי האָט אויך די השכלה אָפּגעשפּיגלט בלויז אַ טײל פון דער שײַן

וואָס זי האָט געזען ביי די גוים. אפשר איז דאָס דער מיין פון דעם חומש־אויסדרוק „אש זרה", וואָס מען טאָר נישט ברענגען אויף אַ יידישן מזבח.

(א. גאָלאָמב : „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

**אש להבה** (ישעיה ד, 5) *

פלאַם־פייער.

אַ שיינער יונג, אַ הויכער. אַ ברייטער... און אויגן — **אש להבה!** אַ היציקער פאַרשוין.

(ש״ע : „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

**אשה (אישה) רעה צרעת לבעלה** (יבמות סג)

אַ שלעכט ווייב איז ווי קרעץ פאַר איר מאַן.

אישה רעה צרעת לבעלה... וואָס איז דער תיקון? זאָל ער זי אָפּגטן און ער וועט אויסגעהיילט ווערן.

(י. האָפּער : „ר' תנחום")

**אשר יגורתי בא לי** (לויט איוב ג, 25)

די צרה, פאַר וועלכער איך האָב זיך געשראָקן, איז געקומען.

ער האָט געפילט, אַז עס עקט זיך אים חלילה די וועלט, ואשר יגורתי בא לי האָט ער גערעדט צו זיך אַליין מיט איובס ווערטער.

(י. האָפּער : „ר' זלמן")

**אשר לא ידע את יוסף** (שמות א, 8)

וועלכער האָט נישט געקענט יוספן. וועלכער האָט נישט געקענט יענעמס חשיבות.

דער נייער יידישער דור אין אַמעריקע אשר לא ידע את יוסף... די וואָס וואַנדלען אויף דעם וועג פון גלייכגילטיקייט צו יידישקייט.

(ש. ביקל : „מנחם באַריישא")

**אשרי המאמין** (לויט חבקוק ב, 4)

וווויל איז דעם וואָס גלייבט.

איצט זע איך, אַז אשרי המאמין... דער אמתער צדיק געפינט לעבן און גליק אין זיין אמונה. (ש. סאפיר: „שלמה מיימון")

**אשרי יושבי ביתך** (תהילים פד, 5)

ווויל צו די וואָס זיצן אין דיין הויז.

גלייכער נישט אַהין, נישט אַהער — אשרי יושבי ביתך!

(ממ"ס: „די אַלטע מעשה")

**אשריכם ישראל!** (עירובין נג)

ווויל איז צו אייך, יידן!

אשריכם, ישראל! ווויל איז צו אייך, יידעלעך! — טראַכט איך מיר — קיינעם איז נישט אַזוי גוט ווי אייך

(ש"ע: „שוין איין מאָל אַ סוכה")

**אשת איש** (ויקרא כ, 10) *

אַ פרוי וואָס האָט אַ מאַן.

ער האָט געהאַט וויפל מאָל זיך געשווּוירן צו האַלטן די עשרת הדיברות... אָבער ער פּירט אַ ליבע מיט אַן אשת־איש.

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט")

**אשת חיל** (רות ג, 11)

אַ פרוי אַ בריה.

זי האַנדלט און וואַנדלט ווי אַן אמתע אשת־חיל.

(ש. אַש: „דער תהילים־ייד")

**אשת חיל מי ימצא?!** (משלי לא, 10)

אַן אשת־חיל, ווער קאָן געפינען?

אשת־חיל מי ימצא? אָבער אַ ווייב אַ שלימזל איז בנמצא.

(פאָלקסווערטל)

**אשת־נעורים** (משלי ה, 18)

אַ ווייב פון דער יוגנט אָן.

זײַן אשת־נעורים איז שוין אַוועקגעגאַנגען אויפֿן עולם־האמת.

(א. קאַראַלניק)

**אשתו כגופו** (ברכות כד)

די פֿרוי איז ווי דער מאַן אַליין.

און ווידער: אשתו כגופו. אויב איך בין נישט געווען בײַ אים אין די הענט, איז מײַן יוכבד געווען.

(מ. סמבטיון: „די אויסגעבענקטע היים")

**את חטאי אני מזכיר היום** (בראשית מא, 9)

הײַנט דערמאַן איך מײַנע חטאים.

און ווי צעדערבוים גיט צו: את חטאי אני מזכיר — איך האָב פֿון דעם אַלעם גוט געוווּסט, אָבער געהאַלטן דעם סוד.

(נ. שמן: „דאָס געזאַנג פֿון חסידות")

**אתה בחרתנו** (תפילה פֿון יום־טוב) *

דו האָסט אונדז אויסדערוויילט. אַן אתה־בחרתנו־פֿאָלק — אַן אויסדערוויילט פֿאָלק.

מיר זענען פּאָרט די אויסדערוויילטע... מיר זאָגן פּאָרט: „אתה בחרתנו".

(ש"ע: „די רויטע יידלעך")

**אתחלתא דגאולה** (מגילה יז) *

אָנהייב פֿון דער אויסלייזונג, ערשטע טריט פֿון דער גאולה.

אַ געפֿיל פֿון נאַציאָנאַלער אינטימיטעט, נאָך וועלכן די יידן האָבן דורות לאַנג געבענקט און וואָס האָט געבראַכט אין אונדזער דור די אתחלתא דגאולה.

(י. האָפּער: „נאַציאָנאַלע אינטימיטעט")

**אתמול מלאך והיום שוטה** (תנחומא, משפטים)

נעכטן אַ מלאך און הײַנט אַ שוטה.

ס'איז זי נישט צו דערקענען, פֿון טאָג צו טאָג וואַקסט איר רשעות און טיפּשות... אתמול מלאך והיום שוטה!

(י. פֿריילעך)

**אתתך גוצא — גחין ותלחש לה (אשתך נמוכה...)** (בבא מציעא נט)

אויב דיין ווייב איז אַ קליינע, בייג זיך צו און שעפּטשע איר אין אויער אַריין (האַלט זיך מיט איר אַן עצה).

איידער איר גיט אויף דעם אייער הסכמה, אפשר דאַרפט איר זיך פריער מיישב זיין מיט אייער זוגתי... עס איז אַ ידישער מנהג... אתתך גוצא — גחין ותלחש לה!

(מ. סמבטיון: „דם ואש ותמרות עשן")

## ב

**באה שבת — באה מנוחה** (רש״י: בראשית ב, 2)

קומט שבת — קומט רו.

אַ גאַנצע וואָך אַרבעט ער עבודת־פּרך, בענקט ער טאָקע נאָכן שבת... באה שבת, באה מנוחה.

(ש. אַש)

**באו מים עד נפש** (תהילים סט, 2) *

דאָס וואַסער האָט דערלאַנגט ביזן האַלדז. אַ שלעכטער מצב.
טאַטע אין הימל, ס׳איז מיר ענג... באו מים עד נפש!

(י. באַשעװיס: „לא על אנש רחיצנא")

**באין חזון יפרע עם!** (משלי כט, 18)

אַן נבואישער וויזיע ווערט דאָס פאָלק פאַרווילדעוועט, אַן אידעאַלן ווערט די געזעלשאַפט דעגענערירט.

מען מוז בילדן דעם המון־עם, וואָס ווערט פאַרווילדעוועט — באין חזון יפרע עם!

(ר. ברײנין: „פון מיין לעבנסבוך")

**באמונה שלמה** *

מיט פולן גלויבן.

אַ פּשוטער ייד, אַ ייד ווי אַלע יידן, ער גלייבט אין דעם באמונה שלימה, זאָל משיח כאָטש מאָרגן קומען.

(י. ל. פּרץ: „נעילה")

**בגדי מלכות** (לויט מגילת אסתר ו, 8) *

קעניגלעכע קליידער, פּרעכטיקע מלבושים.

אָנגעטאָן גייט מען אין בגדי־מלכות... די נייע קאַפּאָטקעלעך קנאַקן, די שטיוועלעך סקריפּען, די היטעלעך גלאַנצן.

(ש"ע: „ארבע כוסות")

**בגדי משי** (לויט יחזקאל טז, 13) *

זיידענע מלבושים.

צווישן די ווייבער שטייט אַ יידענע, אַן אָנגעטוענע אין בגדי־משי, אין זיידנס און אין סאַמעט.

(י. י. טרונק: „משיח-געוויטער")

**בגילוי ראש** *

מיטן בלויזן קאָפּ (אָן אַ היטל).

דערצו פלעגט מען נאָך אויסטאָן דאָס היטל און שטיין בגילוי־ראש.

(ר. ברײנין: „פון מיין לעבנסבוך")

**בגפו יבוא — בגפו יצא** (שמות כא, 3) *

אַליין געקומען און אַליין אַוועקגעגאַנגען (ער האָט גאָרנישט באַקומען).

אַ מאָל מאַכט זיך, מען קומט אין אַ שטעטל און מען פאָרט אַוועק מיט ליידיקע הענט, ווי זאָגט איר: בגפו יבוא, בגפו יצא. (ש"ע)

**בדחילו ורחימו** (תפילה ביים אָנטאָן דעם טלית) *

מיט הייליקן ציטער און ליבשאַפט.

זיין נאָמען איז דאָן אַרויסגערעדט געוואָרן מיט ערפורכט און ליב־שאַפט — בדחילו ורחימו.

(מ. ווינטשעווסקי)

**בדידי הוה עובדא** (בבא מציעא מט) *

בײַ מיר אַלײן איז עס געשען, מיט מיר אַלײן האָט עס פּאַסירט.
לאָמיר אײַך בעסער דערצײלן אַ זאַך, ס'איז בדידי הווה עובדא,
בײַ מײַן אײגענעם שװער.

(י. באַשעװיס: „די עצה")

**בדמייך חיי!** (יחזקאל טז, 6) *

אין דײַן בלוט זאָלסטו לעבן!
צו דעם ײדישן פֿאָלק טראָגט זיך דער אױסגעשרײ: בדמיך חיי!

(ח. זשיטלאָװסקי)

**בדמעות שליש** (תהילים פּ, 6)

מיט טײַכן טרערן (אַ סך געקלאָגט און געװײנט).
עקיבא האָט געװײנט בײַם פּאָטערס בעט בדמעות שליש.

(י. באַשעװיס: „די פּאַמיליע מושקאַט")

**בדרך שאדם רוצה לילך בה מוליכין אותו** (במדבר רבה כ)

אױף דעם װעג װאָס אַ מענטש װיל גײן, פֿירט מען אים (פֿון הימל).
געמײנט: דער מענטש אַלײן באַשטימט זײַן לעבנסװעג.
מען דאַרף זיך נישט לאָזן צעברעקלען, זיך נישט לאָזן אַסימילירן...
בדרך שאדם רוצה לילך בה מוליכין אותו.

(מ. סמבטיון: „אַ פּאַרשפּעקטיקטע חרטה")

**בהאי עלמא**

אױף דער װעלט (בײַם לעבן).
איר זעט דאָך, אַז ער איז נישט בהאי עלמא, אַז ער איז הײַנט נישט
קײן היגער.

(ש"ע: „אקדמות")

**בהמה בצורת אדם**

אַ בהמה אין געשטאַלט פֿון אַ מענטש.

ס'איז גאָרנישט געווען קיין פּנימער פון מענטשן, חיות און בהמות זענען דאָס געווען, בהמות בצורת אדם.

(ש״ע: „אָרעמע און פריילעכע״)

**בהן צדקי, בהן שלי** (לויט בבא מציעא מט) •

אויף מיין ערנוואָרט.

איך שווער אייך בהן צדק שלי, אַז עס וועט זיך אָפּגעצאָלט פיין און שיין צו דער צייט.

(ממ״ס: „בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה״)

איך קאָן אייך שווערן בהן שלי, אַז מיר אַלע האָבן שוין געהאַט כמעט פאַרגעסן אָן די צוויי יידן.

(ש״ע: „קנאָרטן״)

**בהסח־הדעת, בהיסח־הדעת** (סנהדרין צז) •

אין גאַנצן אומגעריכט, נישט־קלערנדיק וועגן דעם.

אַזוינע זאַכן קומען בהיסח־הדעת, אומגעריכט.

(י. ל. פרץ)

**בוחן לבבות** (משלי יז, 3)

ער קוקט אַריין אין די הערצער, ווייסט יעגעמס מחשבות.

פון וואַנען ווייסט איר וואָס איך טראַכט, צי זענט איר אַ בוחן לבבות?

(מ. בורשטין)

**בור דאוריתא** •

אַן עם־הארץ (פון דער תורה). אַ גאָר פאַרגרעבטער מענטש.

איך האָב אים אויפגעוויזן, אַז ער ווייסט גאָרנישט, אַז ער איז אַ בור דאוריתא.

(ש. אַנ־סקי)

**בור סוד שאינו מאבד טיפּה** (אבות ב, ח)

אַן אויסגעקאַלכטער גרוב, וואָס פאַרלירט נישט קיין טראָפּן וואַסער. באַצייכענונג פאַר אַ מענטשן מיט אַ גוטן זיכרון.

ווי אַ קינסטלער האָט יוסף אָפּאַטאָשי געהאַט די מעלה פון רבי אליעזר בן הורקנוס, ער איז געווען ווי אַ בור סוד שאינו מאבד טיפה.

(י. האָפּער: „יוסף אָפּאַטאָשו — דער פוילישער ייד")

**בורא מאורי האש** (ברכה ביי הבדלה־מאכן)

באַשאַפער פון ליכט און פייער. מאַכן בורא מאורי האש — אונ־טערצינדן.

טראַגט צו נחמיה זיין אַנגעצונדן ליכטל צו מיין פאָן און מאַכט בורא מאורי האש. מיין פאָן צינדט זיך אָן, טוט אַ פלאַקער פּ־פּ־פּו — אויס פאָן.

(ש"ע: „די פאָן")

**בזה הלשון** •

מיט דעם לשון. מיט פאָלגנדיקע ווערטער.

אַ העברעישער שרייבער אין ישראל זאָגט עפּנטלעך בזה הלשון: מיט יידיש איז דער גלות־ייד, דער געטאָ־ייד נאָר געגאַנגען צום גאַזקאַמער, און מיט העברעיש איז דער ישראל־ייד געגאַנגען צו סיני.

(ה. לייוויק: „עסייען און רעדעס")

**בזעיר אנפין** (זוהר)

אין מיניאַטור־פאָרם.

דער הייליקער אָפּשיין פון דער געטלעכקייט, וואָס דער רבי שטעלט פאָר מיט זיך בזעיר אנפין.

(ש. אַש: „דער תהילים־ייד")

**בזעת אפיך תאכל לחם** (בראשית ג, 19)

מיטן שווייס פון דיין פנים זאָלסטו עסן דאָס ברויט.

ער האָט דערשפּירט אַ ליבשאַפט צו די יידן, וואָס נאַרן בישט קיינעם... און זענען מקיים גאָטס געבאָט: בזיעת אפיך תאכל לחם.

(י. באַשעוויס: „לא על אנש רחיצנא")

**בחדרי חדרים** (ביצה ט) •

אין די אינעווייניקסטע צימערן. אין די פאַרבאָרגנסטע ערטער.

פלעגט מען אַמאָליקע צייטן כאַפּן אין מיטן יאָר אויך אַ מאָל אַ קערטל... נאָר ווו? בחדרי חדרים! בסוד־סודות.

(ש"ע: „קנאָרטן")

## בחור כהלכה (הגדה פון פסח)

אַ בחור ווי עס באַדאַרף צו זיין.

מיט אים, מיטן חתן, באַדאַרף מען אייך באַקאַנט מאַכן... אַ בחור כהלכה... דעם גרעסטן ניגון וועט ער אייך אויספייפן מיטן מויל.

(ש"ע: „זומערדיקע ראָמאַנען")

## בחזקת סכנה

ס'דראָט אַ סכנה. ס'איז אַ געפאַר.

ס'איז געהאַט אָנגעפאַלן אַזאַ שניי, אַז דער וועג איז געוועזן בחזקת סכנה.

(י. באַשעוויס: „די עצה")

## בחיר־היצורים

אויסדערוויילטער פון אַלע באַשעפענישן. געמיינט: אַ מענטש.

ס'איז זיכער אַ פּריווילעגיע צו זיין דער בחיר־היצורים.... אָבער פאַר דער דאָזיקער זכיה האָט אונדז גאָט אויך גאַנץ האַרבלעך געשטראָפט.

(ל. לערער: „מיטלען און צילן")

## בחומר ובלבנים (שמות א, 14) *

מיט ליים און ציגל.

בויען מיט די הענט, בחומר ובלבנים, מיט ליים און ציגל.

(מ. בורשטין)

## בחצי־חינם *

האַלב אומזיסט. גאָר ביליק.

— האַלץ, — זאָגט דער פאַרשטעלטער וואַסיל — האַלץ האָב איך צו פאַרקויפן! זייער ביליק, בחצי־חינם האַלץ!

(י. ל. פּרץ: „אויב נישט נאָך העכער")

**בטל בשישים** ווערן (עבודה זרה סט, תוספתא) *

פאַרלוירן גיין אין אַ גרויסער צאָל. אַ גאָר קליינער מיעוט וואָס זעט זיך נישט אָן.

גייסטיק זענען די קוועיקערס אין ענגלאַנד... נישט געווען קיין מינאָריטעט, כאָטש אין זיבען פון צאָלן זענען זיי דאָרט בטל בשישים געוואָרן.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**ביאת המשיח** (פון דער תפילה „אני מאמין")

דאָס קומען פון משיחן.

דעם לובלינער חוזהס זייגער רופט יעדע שעה אויס: ...מיר זענען שוין מיט איין שעה נעענטער צו ביאת המשיח.

(ז. שזר)

**ביד חזקה** (שמות יג, 9) *

מיט אַ שטאַרקער האַנט.

מיין יחיאל איז בורמישטש אין קרושניק און געוועלטיקט, ווי זאָגט איר, ביד חזקה.

(ש"ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

**ביד רחבה** (ירושלמי, חגיגה עו) *

מיט אַ ברייטער האַנט. נישט געקאַרגט.

דער חסיד אלימלך איז געווען אַ גרויסער עושר און פלעגט איר געבן ביד רחבה ומלאה אויף הויזפירונג.

(י. ל. פרץ: „די תאווה צו קליידער")

**ביד רמה** (שמות יד, 8) *

מיט אַ געהויבענער האַנט. מיט שטאָלץ און כוח.

ר' נאָטע דאַנציגער האָט געפירט זיין הויז ביד רמה, און אַלע האָבן געציטערט פאַר אים ווי פאַר אַ קייסער.

(ש. אַש: „דער תהילים־ייד")

**בילע המוות לנצח** (ישעיה כה, 8)

אין מקור: גאָט וועט אומברענגען דעם טויט אויף אייביק. הײַנט באַנוצט מען אויך אין פאַרקערטן זין: דער טויט פאַרשלינגט אַלץ אויף אייביק.

און נישט אײן בר־נש וועט מגולגל ווערן עד סוף כל הדורות ביז בלע המוות לנצח.

(י. ל. פרץ: „לא תחמוד")

די עלטערן זײַנע וועלן זיך שוין קיין אַנדערן זון נישט אָפּזוכן... בײַ זיי איז טאַקע: בלע המוות לנצח.

(מ. אפרתי: „אַן איבערקערעניש")

**בין אדם לחברו** (יומא פה)

פון מענטש צו זײַן חבר. די התחייבותן לגבי דעם מיטמענטש.

דער בין אדם לחברו פאַרנעמט דעם אויבנאָן אין דער תורה, און אין רוב מצוות שפּיגלט זיך אָפּ די זאָרג פאַרן מענטש.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**בין אדם למקום** (יומא פה)

פון מענטש צו גאָט. די התחייבותן פון מענטש לגבי גאָט.

דער בין אדם למקום, דעם מענטשנס פליכטן צו גאָט, זענען פאַר הלל געווען נישט פון קיין קלענער באַדײַטונג.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

נישט וויסן **בין ארור המן לברוך מרדכי** (מגילה ז)

נישט וויסן צו אונטערשיידן צווישן „פאַרשאָלטן זאָל זײַן המן" און „געבענטשט זאָל זײַן מרדכי".

ער איז געווען פון טרינקען מטושטש און זיכער נישט געקאָנט מבחין זײַן בין ברוך מרדכי לארור המן.

(י. האָפער: „ר' זלמן")

**בין הזמנים** •

פעריען אין די חדרים און ישיבות אין דער צייט פון די ימים־טובים אין תשרי און אין ניסן.

בין הזמנים... וואַקאַציע, וואַקיישאָן, קאַניקולע... זיי זענען אָבער נישט דאָס, וואָס דאָס וואָרט בין הזמנים זאָגט דעם יידישן ייִנגל.

(ש־ע)

**בין המצרים** (איכה א, 3) •

אין קלעם (צווישן גרענעצן). באַצייכענונג פאַר אַ שווערן מצב (אָן אַן אויסוועג).

ברעכן צוימען — איז איצט נישט זיין כאַראַקטער — איז ער ווי בין המצרים, צווישן גרענעצן, אויפן שיידוועג.

(נ. מייזיל: „פּרץ הירשביין")

**בית־דין של מעלה** (ירושלמי, ברכות יד) •

איבערשטער געריכט (אין הימל).

האָט דאָס בית־דין של מעלה אַ ישוב און גיט נאָכן ישוב־הדעת אַרויס אַ פּסק.

(י. ל. פּרץ: „דריי מתנות")

**בית ועד לחכמים** (אבות א, ד)

אַ זאַמלאָרט פאַר געלערנטע.

מיין הויז איז געווען אַ בית־ועד לחכמים, אַ צענטער פאַר געלערנטע און יונגע משכילים.

(ממ"ס: לויט „דאָס מענדעלע־בוך")

**ביתו — זו אשתו** (שבת קיח)

די היים — דאָס איז זיין ווייב.

אָן אַ גוט ווייב, האָט ער (תנחום) געפּילט, קאָן קיין גוטע היים נישט זיין, קאָן בכלל קיין היים נישט זיין, ווייל ביתו זו אשתו.

(י. האָפּער: „ר' תנחום")

**בכבודו ובעצמו** (הגדה פון פסח) *

עס אַליין מיט זיין כבוד. אין זיין אייגענער געשטאַלט.

און אומגעריכט גיט זיך אַן עפן די טיר, דער בעל־שם בכבודו ובעצמו באַווייזט זיך.

(י. ל. פרץ: „דער בעל־שם פירט אויס אַ שידוך")

**בכול מכול כול** (בענטשן נאָכן עסן) *

אַלץ מיט אַלעמען.

האַנדלט, קויפט בזיל־הזול בכול־מכול־כול.

(אליעזר שטיינבאַרג: „משלים")

**בכיה לדורות** (תענית כט) *

אַ געוויין אויף דורות. אַ צרה אויף לאַנגע יאָרן.

עס איז אַ בכיה לדורות, און קיינער קאָן דאָ גאָרנישט העלפן.

(ק. שבתאי: „שוואַרץ" און „חיים" אין ישראל")

**בכל אשר אפנה**

וווּהין איך וועל זיך ווענדן (קערן).

גאָט זאָל מיר אַזוי העלפן מיט אייך אין איינעם בכל אשר אפנה!

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**בכל אתר ואתר** (רבנן־קדיש)

אין איטלעכן אָרט.

און דאָס זענען עניבים וואָס זענען אויך מיר נאָענט צום האַרצן — יידישע קולטור, יידיש לשון... בכל אתר ואתר.

(י. פאַט: „לחיים, ר' יעקב, ביז 120 יאָר!")

**בכל דור ודור** (הגדה פון פסח)

אין יעדן דור. אין אַלע צייטן.

ס'איז געשען אין ניינצנטן יאָרהונדערט, אָבער ס'איז גילטיק בכל דור ודור.

(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען")

**בלא יודעים** (תפילה „על חטא״)

אן וויסן. אן א שלעכטער כוונה.

לעבעדיקע יידן פון אונדזער דור, וואס טראגן אין זיך ביודעים ובלא יודעים די העכערע שטרעבונגען פון פאַרגאַנגענע דורות.

(ח. גרינבערג : „ייד און וועלט״)

**בלב שלם** (דברי הימים־א כח, 9)

מיטן גאַנצן האַרצן. אויף אן אמת.

עס איז נישט די צייט פון וויינען, מען דאַרף זיך פרייען, טאַנצן בלב שלם.

(נ. שמן : „דאָס געזאַנג פון חסידות״)

**בלבול־המוח, בלבול־המוחות** •

צעטומלונג פון מוח (פון מוחות). צעמישונג פון געדאַנקען.

ס'איז א צייט פון בלבול המוחות, קומען די הינער און פרעגן עצות ביי די אייער.

(י. גלאַטשטיין : „אין תוך גענומען״)

**בלי הרף**

אן אויפהער. אן איבעררייס.

כסדר און בלי הרף פאָרן און פאָרן בוידן און בוידן, שווארצע ווי די נעכט.

(י. י. טרונק : „משיח־געוויטער״)

**בלשון אתה** •

רעדנדיק אויף דו. דוצנדיק.

דער ייד האָט געזאָגט : זאָרג נישט — בלשון אתה — א היימישער ייד.

(י. ל. פרץ)

**בלשון מליצה**

מיט מליצה־שפראַך. מיט א באַפוצטן סטיל.

מיר זענען געווען דורך און דורך פֿאַרשיידענע מענטשן, דריי פֿאַרשיידענע וועלטן, ווי מען וואָלט געזאָגט בלשון מליצה.

(א. גלאַנץ־לעיעלעס: „ליטעראַרישע מעמוואַרן")

## בלשון נסתר

רעדן אין דער דריטער פּערזאָן: „ער", „זי", „זיי" (נישט „דו", „איר"). העפֿלעכקייט־לשון.

האָבן מיר גענומען רעדן בלשון נסתר... מיר האָבן זיך באַגאַנגען אָן „דו" און אָן „איר".

(ש"ע: „איינער פֿון טויזנט")

## בלשון סגי־נהור (בראשית רבה ד) *

רעדן אין אַ פֿאַרשטעלטער שפּראַך, דאָס באַנוצן אַ וואָרט אין אַ היפּוכדיקן זין, ווי דאָס וואָרט סגי־נהור (אַ סך ליכט), מיט וועלכן מען באַצייכנט אַ בלינדן.

רופֿט מען אים חיים חנא „דער קלוגער" בלשון סגי־נהור, דערפֿאַר, וואָס ער איז אַ גרויסער שוטה.
(ש"ע)

## במה דברים אמורים (סוטה ח) *

ווען איז דאָס גערעדט געוואָרן...

במה דברים אמורים? ווען איז עס גערעדט געוואָרן? באַר ווען זיי, די נייע תורות, זענען הלכה למשה מסיני — אָנגעוואָקסן פֿון דער אַלטער יידישער טראַדיציע.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פֿון אייביקן פֿאָלק")

## במחילת כבודכם

איך בעט איבער אייער כבוד, האָט נישט קיין פֿאַראיבל.
איר זענט, במחילת כבודכם, אַ גרויסער בטלן.

(מ. בורשטין)

## במקום גדולים אל תעמוד (משלי כה, 6)

שטעל זיך נישט (שטופּ זיך נישט) צווישן די גרויסע לייט.

במקום גדולים אל תעמוד — שטעל זיך נישט צווישן די גרויסע, האָט געזאָגט דער פּסוק, דעריבער טרינק איך זיצנדיק.

(ש. י. עגנון: „אַ פּשוטע מעשה", איבערגעזעצט א. רובינשטיין)

**במקלו ובתרמילו** (שבת לא)

מיט זיין שטעקל און זעקל. מיט זיין האָב־און־גאָב.

האָט ר' נפתלי גענומען דאָס זעקל אויף דער פּלייצע, דאָס שטעקל אין האַנט... און איז במקלו ותרמילו אַריינגעפאַלן אין צימער פון דעם קאָזשעניצער. (ה. צייטלין: „חסידות")

**בן־חורין, בני־חורין** (הגדה פון פּסח)

פרייער מענטש, פרייע מענטשן.

שנאָרער באַדאַרף איך נישט, איך באַדאַרף האָבן חסידים בני־חורין, וועלכע קאָנען אין מלחמה גיין.

(ש. אַש: „דער תהילים־ייד")

**בן סורר ומורה** (דברים כא, 18) *

אַ ווידערשפּעניקער זון.

ווייל איך וויל עס נישט, וויל ער עס יאָ, דער בן סורר ומורה.

(י. י. זינגער: „די משפּחה קאַרנאָווסקי")

**בנוהג שבעולם** (שמות רבה ט) *

ווי ס'פירט זיך אויף דער וועלט.

ווייל דער בנוהג שבעולם איז אַזוי, דעריבער טו איך אַקוראַט פאַרקערט.

(ש"ע: „כתרילעוקער פּראָגרעס")

**„בני־אדם"** (תפילה פון כפּרות־שלאָגן) *

מענטשנקינדער. אַריינקוקן ווי אַ האָן אין בני־אדם — נישט פאַרשטיין קיין וואָרט.

אין זוהר האָבן זיי אַריינגעקוקט ווי אַ האָן אין בני־אדם.

(ממ"ס)

**בנים גידלתי ורוממתי — והם פשעו בי!** (ישעיה א, 2)

קינדער האָב איך דערצויגן און דערהויבן — און זיי האָבן מיך פאַרראַטן!

בנים גידלתי ורוממתי — האָרעווע פון קינדערס וועגן, והם פשעו בי — זאָגן זיי, אַז זיי פאַרשטייען בעסער.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**בנין־הארץ**

אויפבוי פון לאַנד (פון ארץ־ישראל).

געקויפט איין יפו אַ שטח באָדן צו בויען הייזער... ס'האָט געשלאָגן די שעה צו טאָן בפועל־ממש בנין ארץ־ישראל.

(נ. שמן: „דאָס געזאַנג פון חסידות")

**בנערינו ובזקנינו** (שמות י, 9) *

מיט אונדזערע יונגע און אַלטע. מיר אַלע.

איז געבליבן, מיר זאָלן זיך מטריח זיין צו אים אַלע, בנערינו ובזקנינו. (ש"ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

**בנפשו יביא לחמו** (לויט איכה ה, 9)

ער שטעלט איין דאָס לעבן, כדי צו באַקומען זיין ברויט.

זיין שטיקעלע ברויט קומט אים אָן נישט גרינג, ממש טאַקע בנפשו יביא לחמו, ער שטעלט זיך איין דאָס לעבן.

(ממ"ס, לויט „דאָס מענדעלע־בוך")

**בנקיטת חפץ** (רמב"ם, שבועות יא) *

האַלטנדיק אַ הייליקן חפץ (ספר־תורה) ביים שווערן.

איך קאָן שווערן בנקיטת־חפץ, אַז קיינער פון זיי האָט גאָר קיין שיטה נישט.

(י. ל. פרץ: „חסידיש")

**בנשימה אחת** (מגילה טז) *

אין איין אָטעם. אָן אַ הפסקה.

האָב איך זיך אָנידערגעזעצט און אָנגעשריבן בנשימה אחת אַ לענ־גערן ענטפער אויף דער קריטיק.

(ח. זשיטלאָווסקי)

**בסבר פנים יפות** (אבות דר׳ נתן יג) •

מיט אַ פריינדלעך פנים. זייער האַרציק.

ער האָט אַ כלל — אויפנעמען יעדן איינציקן פריינדלעך, בסבר פנים יפות, מיט אַ ברייטן ברוך־הבא.

(ש״ע : „שמואל שמעלקעס״)

**בעוונותינו הרבים** •

צוליב אונדזערע גרויסע זינד.

איך שווייג, ווייל עס איז, בעוונותינו הרבים, היינט אַזאַ צייט פון געפילדער און גערויש.

(ממ״ס, לויט „דאָס מענדעלע־בוך״)

**בעין יפה** (תרומות ד, ג)

מיט אַ גוט אויג. מיט אַ ברייטער האַנט, מיט האַרציקייט.

די קי האָבן געגעבן מילך בעין יפה.

(ש. י. עגנון : „אַ פשוטע מעשה״, איבערגעזעצט : א. רובינשטיין)

**בעל־בכי**

אַ גרויסער וויינער. אַ קלאָגמוטער.

אַ בעל־בכי איז ער איינער טאַקע אין דער וועלט, ער וויינט מיט חשק.

(ממ״ס, לויט „דאָס מענדעלע־בוך״)

**בעל־דבר**

די פערזאָן, דער בעל־דין. געמיינט : דער שטן (יצר־הרע).

גייט ער, דער בעל־דבר, און פאַרשטעלט זיך פאַרן יצר־טוב און נעמט זי איין מיט גוטע, פרומע און זיסע ריידעלעך.

(י. ל. פרץ : „די תאווה צו קליידער״)

**בעל־דמיון**

פאַנטאַסט, טרוימער.

דער האַרציקער טביה וואָס פאַרנעמט זיך באמונה מיט נוצלעכע זאַכן, איז אונדז אַן אַ שיעור נענטער פון דעם בעל־דמיון מנחם־מענדל.

(א. קריב: „די צוויי אויסדערוויילטע")

**בעל־המצאות, בעלי־המצאות** *

דער (די) דערפינדער, מענטש (ן) מיט איינפאַלן.

די בעלי־המצאות וועלן נאָך כאַפּן אַ מאָל די ווינטן און וועלן זיי איינשפּאַנען צום וואַרשטאַט.

(י. ל. פּרץ: „וואָס אַ מאָל ווײַניקער")

**בעל כרחו** (אבות ד׳ כב) *

קעגן זיין ווילן.

בעל־כרחו איז דער יחיד געצווונגען אין די ראַמען פון זיין מדינה זיך צופּאַסן צו זיין אייגענעם פאָלק.

(יעקב זרובבל: „ישראל און גלות")

**בעל (על) כרחך אתה חי** (אבות ד, כב) *

קעגן דיין ווילן לעבסטו.

בעל־כרחך אתה חי — מיט געוואַלט לעבסטו און מיט געוואַלט צערייסטו אַ פּאָר שטיוול.

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער")

**בעל־מגזם**

אַן איבערטרייבער. ער דערציילט גוזמאות.

ער איז אַ שטיקל בעל־מגזם, אָדער ווי מען רופט עס אין אונדזערע קאַנטן, ער איז מחילה אַ ליגנער.

(ש״ע: „צוויי אַנטיסעמיטן")

**בעל־מפרנס** (לויט פאה ח)

שפּייזער, ברויטגעבער.

אָט דאָס איז אונדזער ברוּיטגעבער, זאָל געזונט זיין, דער איינ־ציקער בעל־מפרנס אין דער גאַנצער משפּחה.

(ממ״ס)

**בעל־פּה** (גיטין ס) *

אויסנווייניק.

אַ ליטעראַטור־קריטיקער בין איך אַ לאַנגע צייט געווען בעל־פּה, געהאַלטן לעקציעס וועגן יידישער ליטעראַטור.

(י. באָטאָשאַנסקי : „פּשט״)

**בפּני (לפני) קהל ועדה** (לויט משלי ה, 14) *

פאַר אַלעמען אין די אויגן. עפנטלעך.

בפני קהל ועדה האָט ער געשלונגען ברענענדיקע קוילן ווי פאַרפל.

(י. ל. פּרץ : „דער קונצנמאַכער״)

**בקו הבריאות** *

געזונט.

ער האָט זיך געפילט נישט מיט אַלעמען, נישט געווען בקו־הבריאות.

(י. האָפּער : „ר׳ תנחום״)

**בקול רם** (דברים כז, 14) *

אויף אַ הויך קול, מיט אַ שטאַרקער שטים.

ער האָט גענומען לייענען דעם בריוו בקול רם און מיט אַ ניגון.

(ש״ע : „אַ חיגרישנע בילעט״)

**בקולות וברקים** (שמות יט, 16)

מיט דונערן און בליצן. מיט רעש און טומל.

באַקאַנט צו מאַכן פאַר דער וועלט דעם יידישן אויפטו דאַרף מען נישט בקולות וברקים, מיט געפּילדער און טומל.

(א. א. ראָבאַק)

**בר־אורין** (ברכות יב) *

אַ בן־תורה. אַ ייד וואָס קען לערנען.

בערנשטיינס זיידע... איז געווען אַ בר־אורין און אַ פרומער ייד.

(ז. שזר: „ליכטיקע פערזענלעכקייטן")

**בר־דעת** (בבא מציעא פ) *

אַ מענטש מיט פאַרשטאַנד.

ווי קאָן מען זיין אַ בר־דעת, ווי קאָן מען האָבן פאַרשטאַנד, ווען מען ווייסט נישט, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט.

(ר. ברײַנין: „פון מיין לעבנסבוך")

**בר־מנן (בר־מינן)** *

געשטאָרבענער (איידער ער ווערט געבראַכט צו קבורה).

אַלץ, ברודערל, האָב איך ליב, נאָר זיין אַ בר־מינן, דאָס נישט.

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט")

**בר־מצווה** (בבא מציעא צו) *

יידיש ייִנגל וואָס איז אַלט געוואָרן דרייצן יאָר (און איז שוין מחויב צו טאָן מצוות).

צו דער בר־מצווה האָט ער קיין קלינגענדיקע דרשה נישט געזאָגט.

(י. ל. פרץ: „באָנטשע שווייג")

**בר־סמכא** *

אויטאָריטעט.

ער איז געווען שוין ביים לעבן דער אָנערקענטער בר־סכמא אין דער גאַנצער סאָציאַליסטישער וועלט־באַוועגונג.

(ז. שזר: „עמיל וואַנדערוועלדע")

**בר־פלוגתא** (בבא מציעא לז) *

מיינונגס־קעגנער.

איך האָב נישט בדעה זיך גיין אויסטענהן מיט מיינע בר־פּלו־גתאס... וואָס איך זאָל נישט זאָגן, וועלן זיי צעדרייען און אָפּפרעגן.
(אבא גאָרדין: „משה")

**ברא כרעיה (כרעא) דאבוה** (הבן הוא ברך אביו) (לויט עירובין ע)

דער זון איז אַ פוס פון טאָטן. אַ זון גערעָטן אין פאָטער.

האָט זי געבעטן גאָט, זי זאָל כאָטש קיין בנים זכרים נישט האָבן, ווייל ברא כרעיה דאבוה, און וועלן בוודאי אַרויסגיין לתרבות רעה.
(י. ל. פרץ: „מסירת נפש")

**בראש השנה יכתבון** (תפילה "ונתנה תוקף")

ראש־השנה ווערט אַלץ פאַרשריבן (אין הימל).

וואָס פאַר אַ ווונדערלעכע גליקזעליקייט עס ליגט אין דעם בראש השנה יכתבון, אין דעם טיפן גלויבן, אַז ס'איז דאָ אַ געטלעך אויג וואָס זעט אַלץ און אַ ספר ווו אַלץ וואָס דער מענטש טוט ווערט פאַרשריבן.
(ה. לייוויק: „עסייען און רעדעס")

**בראשו ורובו**

מיט לייב און לעבן. מיטן גוף און נשמה.

ער האָט זיך נאָך קיין מאָל נישט אַריינגעטון בראשו ורובו אין לערנען, ווי אַצינד.
(י. י. זינגער: „די משפחה קאַרנאָווסקי")

**ברוב חובלים תטבע הספינה** (בית־המדרש ילינק)

פון צו פיל שיפס־קאַפּיטאַנען גייט אונטער די שיף.

צו פיל עסקנים זענען זיך מטפל מיט דעם ענין, דערפאַר הינקט ער אונטער... ברוב חובלים תטבע הספינה. (ז. י. אנכי)

**ברוב־עם** (משלי יד, 28) *

מיט אַ סך מענטשן, מיט אַ גרויסן עולם.

דער טאַלנער ניגון מוז געזונגען ווערן ברוב־עם.
(י. ל. פרץ: „אַ גילגול פון אַ ניגון")

**ברוך דיין האמת** (ברכות ס) *

געבענטשט זאָל זיין דער אמתער (דער גערעכטער) ריכטער.
אַ צושפּרוך וואָס יידן באַנוצן, ווען זיי הערן, אַז ס׳איז ווער געשטאָרבן.

איז שוין, הייסט עס, רב שמשון־באָרד אויך אָוועקגעקומען? ברוך דיין האמת!

(ש״ע: „קליינע מענטשעלעך מיט קליינע השגות״)

**ברוך ה׳ יום יום** (תהלים סח, 20) *

דאַנקען גאָט פאַר יעדן טאָג.

פאַרזאָרג נישט, מיין ליבער גוטער פריינט, די וועלט. דערווייל נעם וואָס מען גיט דיר און זאָג: ברוך ה׳ יום־יום!

(י. ל. פרץ: „זיבן גוטע יאָר״)

**ברוך הבא! ברוכים הבאים!** *

זיי באַגריסט, גאַסט! זייט באַגריסט, געסט!

ברוך הבא! לאַנג, מיין פריינט, דיך נישט געזען.

(ש. אַנסקי)

אַ גאָט־העלף, רבי, קומט אַריין, זייט מוחל, זעצט זיך, ברוכים הבאים!

(י. גלאַטשטיין: „נחמן זייגערמאַכער״)

**ברוך שפּטרני!** (דעם פאָטערס ברכה ביים זונס בר־מצווה)

געבענטשט זאָל זיין גאָט וואָס האָט מיך באַפרייט פון...

מאיר האָט אויפגעהויבןביידע הענט צו גאָט און געזאָגט: ברוך שפטרני! פאַרזאָגנדיק שוין אויף קינדסקינדער מער קיין פאָרטעפּיאַן אין שטוב נישט צו האַלטן.

(ש״ע)

**ברוכים היושבים!** *

זאָלן זיין באַגריסט די וואָס זיצן אַרום טיש (און עסן).

ברוכים היושבים! עסט געזונטערהייט, און לאָז אייך ווויל באַקומען.

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער״)

**ברור כשמש** (סנהדרין עב) *

קלאָר ווי די זון (ווי דער טאָג).

אין טאַלנע איז ברור כשמש, אַז אַ ניגון לעבט.

(י. ל. פרץ: „אַ גילגול פון אַ ניגון")

**ברזל ונחושת** (דברים לג, 25)

אייזן און קופּער. האַרט און פעסט.

אייער תורה איז סאַמע דין!... סאַמע ברזל ונחושת, אייזערנע חוקים, קופּערנע דינים.

(י. ל. פרץ: „צווישן צוויי בערג")

**ברח דודי!** (שיר השירים ח, 14)

אַנטלויף, מיין ליבער! טראָג זיך אָפּ, מיין פריינט!

ברח לך דודי! קאָנסט זיך נעמען די פיס אויף די פּלייצעס, קיינער וועט דיר נישט נאָכלויפן.

(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען")

**ברחל בתך הקטנה** (בראשית כט, 18) *

פאַר דיין ייִנגערער טאָכטער רחל. געמיינט: אויסרעדן קלאָר די באַדינגונגען אין אַן אָפּמאַך. רעדן קלאָרע דיבורים.

חידושט זיך דער קאַסיר און פרעגט אים איבער נאָך אַ מאָל: וועלכע קלאַס? ווערט שוין מסתמא שלום שכנא רעכט אין כעס און זאָגט ברחל בתך הקטנה: דריטע!

(ש"ע: „איבער אַ היטל")

**בריאת־העולם**

וועלטבאַשאַפונג.

תשובה איז באַשאַפן געוואָרן פאַר בריאת־העולם... אין דעם וועלטפּלאַן איז לכתחילה אַריינגענומען געוואָרן אי זינד, אי די רייניקונג פון זינד.

(ח. גרינבערג: „ייִד און וועלט")

**בריש־גלי ***

פאַר אַלעמען אין די אויגן. עפנטלעך.

ר׳ זלמן פלעגט זיך בסדר טשעפּען צו ר׳ תנחומען, זידלען אים בריש־גלי, פאַרן גאַנצן עולם.

(י. האָפּער : „ר׳ תנחום״)

**ברכה לבטלה** (ירושלמי, ברכות ט) *

אַן איבעריקע ברכה. איבעריקע מי, אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט.

געלט בעטן בײַ אים איז אַ ברכה לבטלה, אַ קמצן אַ גרויסער.

(י. ל. פּרץ : „ער ז״ל און זײַנע מקורבים״)

**בשבילי נברא העולם** (סנהדרין לז)

אויך פון מײַנעט װעגן איז די װעלט באַשאַפן געװאָרן (און אויך איך טראָג די אחריות פאַרן סדר־עולם).

אַלס אָנװײַזונג אויף דער גלײַכבאַרעכטיקונג און גלײַכװערטיקייט פון יעדן אײנצלנעם אינדיװידום... איז יעדער מחויב צו זאָגן : בשבילי נברא העולם.

(ח. גרינבערג : „ייד און װעלט״)

**בשלושה דברים אדם ניכר : בכוסו, בכיסו ובכעסו** (עירובין סה)

בײַ דרײַ זאַכן דערקענט מען אַ מענטש : בײַם גלעזל, בײַם בײַטל און בײַם כעסן זיך.

אדם ניכר בכוסו, בכיסו ובכעסו — אין די דרײַ פאַלן קומט אַרויס בולטער דער נאַטירלעכער, אײַנגעבאָרענער כאַראַקטער פון דעם מענטש.

(א. גאָלאָמב : „אײביקע װעגן פון אײביקן פאָלק״)

**בשן ועין** (לויט שמות כא, 26—27) *

מיט אויסגעהאַקטן צאָן און אַרויסגענומענעם אויג. מיט אַ שאָדן.

מען איז פאַרזיכטיק, אַז אַ זאַץ זאָל אַרויס מיט הענט און פיס און נישט בלויז מיט בשן ועין.

(י. גלאַטשטיין : „אין תוך גענומען״)

**בשר־ודם** (ירושלמי, סנהדרין פרק ו)

פלייש און בלוט. מענטש.

אַלע ציטערן פאַר זיין מאַיעסטעטישקייט — און ער גופא אַן אַ ציטער... אַ הימלישע האַרמאָניע אין געשטאַלט פון אַ בשר־ודם, אַ נס.

(א. שטיינמאַן: „דער נס בעל־שם־טוב")

**בשר־ודם היום עודנו ומחר איננו** (ירושלמי, סנהדרין פרק ו)

אַ מענטש — היינט איז ער דאָ און מאָרגן איז ער נישטאָ.

מיט וואָס קאָן זיך אַ מענטש איבערנעמען? וואָס איז זיין ווערט? בשר־ודם היום עודנו ומחר איננו.

(ש. אַש)

**בת־זוג**

אַ ווייב.

רחל איז ביי אים די איין־און־איינציקע, זי און נישט לאה איז זיין בת־זוג, זיין באַשערטע, זיינע פון תמיד און ביז אייביק.

(א. שטיינמאַן: „די הייל פון דער מכפלה")

**בת־קול** (פסחים צד) *

אַ שטים פון הימל, אַן אָפּקלאַנג, אַן עכאָ.

און איך בין געקומען מיט אַ בת־קול פון די דעמאָלטיקע גרויסע קלינגווערטער וועגן אַ באַנייטן יידישן טעאַטער.

(מ. ראַוויטש: „דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן")

**בתוך עמי אנוכי יושב** (לויט מלכים־ב ד, 13)

איך זיץ צווישן מיין פאָלק. איך פיל זיך ווי אַן אייגענער.

אָבער נישט אַלע מאָל קאָן ער זאָגן: בתוך עמי אני יושב — איך בין כסדר מיט מיין פאָלק.

(נ. מייזיל: „פאָרגייער און מיטצייטלער")

**בתופים ובמחולות** (שמות טו, 20) *

מיט פויקן און טענץ. מיט טומל און גערויש.

די לעקציע פּלעגט שוין דעמאָלט דורכגיין בתופים ובמחולות, מיט געטומל און האַרמידער.

(א. צייטלין)

**בתשואת־חן, בתשואות־חן** (לויט זכריה ד, 7) *

מיט האַרציקייט, מיט דאַנק, מיט פרייד.

דערלאַנגט אים די אלמנה שונמית בתשואת־חן דאָס צווייטע ברויטל.

(י. ל. פרץ: „דריי קיכלעך")

## ג

**גביית־עדות** *

דאָס אָפּנעמען עדות־זאָגן, דאָס אויספרעגן דעם עדות וועגן ענין.

וועגן דעם האָבן מיר די גביית־עדות פון פאַרשיידענע רעוואָלוציאָנערע טוער.

(נ. מייזיל: „פאָרגייער און מיטצייטלער")

**גדול בישראל**

אַ גרויסער מענטש (באַרימטע פּערזענלעכקייט) ביי יידן.

ער האָט אַ שאַרף קעפּל, וועט אי״ה אויסוואַקסן אַ גדול בישראל.

(ש. מילער: „דור המדבר")

**גדול־הדור, גדולי־הדור** *

אַ באַרימטע פּערזענלעכקייט פון דער תקופה.

דער קאָצקער רבי איז געווען דער גדול־הדור, וואָס די אויגן פון ישראל זענען געווען געווענדט צו אים.

(ש. אַש: „דער תהילים־ייד")

געמיינט האָבן מיר, אַז די דאָזיקע לייט זענען ווער ווייסט ווער — חשובע מענטשן, גדולי־הדור.

(ממ״ס)

**גדול הנהנה מיגעו יותר מירא שמים** (ברכות ח)

דער וואָס לעבט פון זיין אייגענער אַרבעט איז גרעסער פון דעם וואָס איז בלויז אַ ירא־שמים.

מיר האָבן אומגעקערט דער פיזישער אַרבעט די חשיבות וואָס זי פאַרדינט... גדול הנהנה מיגיעו יותר מירא שמים.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**גדול עווני מנשוא** (בראשית ד, 13)

גרויס איז די שטראָף (פאַר מיין זינד), נישט צו פאַרטראָגן.

פאָטער אין הימל, פאַר וואָס קומט עס מיר? גדול עווני מנשוא!

(י. באַשעוויס: „משניות")

**גדיים נעשו תיישים** (לויט ברכות סג)

פון די ציגעלעך זענען אויסגעוואַקסן בעק. געמיינט: די קליי־ניקע זענען געוואָרן גרויסע.

דאָס צעבאַלעוועטע רעדעלע דרייט זיך שנעל, שנעל... די קליי־ניקע ווערן קיין עין־הרע גרויסינקע — גדיים נעשו תיישים.

(מ. אפרתי: „דאָס געיעג נאָך דעם נעכטיקן טאָג")

**גזירה מן השמים**

אַ גזר־דין פון הימל, אַ שטראָף פון גאָט.

איז דאָס אַ באַשערטע זאַך, אַ גזירה מן השמים, דאַרף איך דאָך נישט זיין קיין אויסנאַם.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**גזירת (גזירות) ת"ח ות"ט** *

די שחיטות איבער יידן אין אוקראַינע אין די יאָרן ת"ח און ת"ט (1648—1649).

די אַנדערע פאָעמע האָט געהאַט אַ שייכות צו די יאָרן פון די גזירות ת"ח ות"ט.

(מ. ראַוויטש: „דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן")

**גירסא דינקותא** (הלימוד בימי הילדות)

דאָס וואָס מען האָט געלערנט אין די קינדער־יאָרן.

גוטע צייטן געווען! מיין גירסא דינקותא — וואַלד און טייך און אַן אַלטע מיל איז געשטאַנען אויפן טייך.

(י. ל. פּרץ: „דער אַלטער ר׳ שמעון")

**גירסא דינקותא לא משתכחא** (לויט שבת כא)

דאָס וואָס מען לערנט אין די קינדער־יאָרן פאַרגעסט מען נישט.

דאָס וואָס דער רבי שמעיא האָט דיר אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ אַריין, איז פאָרט פאַרבליבן... גירסא דינקותא לא משתכחא!

(מ. סמבטיון: „דער זעקסטער וועלטטייל")

**גל של עצמות** (שבת לד) *

אַ בערגל ביינער.

ער וועט פון איר מאַכן, שרעק איך מיך, אַ גל של עצמות.

(י. ל. פּרץ: „צווישן צוויי בערג")

**גלגל חוזר בעולם** (לויט שבת קנא) *

דאָס רעדל דרייט זיך אויף דער וועלט, אין לעבן פון מענטש זענען דאָ עליות און ירידות.

איז דאָך אָבער גלגל חוזר בעולם, און אַז מען קאָן העכער נישט שטייגן, הייבט מען אָן פאַלן. (י. ל. פּרץ: „חסידיש")

**גלות השכינה** (לויט מגילה כט) *

דאָס אַוועקגיין פון דער שכינה אין גלות (צוזאַמען מיט די יידן).

איינער וויינט אויפן פאַרלוירענעם גן־עדן, אַ צווייטער — אויף גלות השכינה.

(י. ל. פּרץ: „אַ גילגול פון אַ ניגון")

**גלגול מחילות** (בראשית רבה צו) *

דאָס אונטערערדישע קייקלען זיך פון די מתים קיין ארץ־ישראל (כדי זוכה צו זיין צו תחית־המתים). באַצייכענונג פאַר שווערע און לאַנגע וואָגלענישן אין וועג.

וואָלט ער בעסער געוועזן אַוועקגעפאָרן אויף דער עלטער קיין ארץ־ישראל און זיך פאַרשפאָרט גילגול־מחילות.

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט")

**גם זו לטובה** (סנהדרין קח) *

אויך דאָס צום גוטן.

ווי זאָגט געצי: גם זו לטובה, עס קאָן זיין נאָך ערגער.

(ש"ע: „נישטאָ קיין נייעס")

**גן־עדן התחתון** (לויט תמיד לב) *

דער גן־עדן אויף דער ערד, דער אונטערשטער גן־עדן.

נו, יאָ, אַ גן־עדן התחתון! אָבער דערווייל הענגט נאָך אַ שלאָס אויפן טיר.

(ש. אַפּטער: „אין אַ נייער וועלט")

**גרגרת מכלה את הזהב** (ויקרא רבה יח)

דער גאָרגל פאַרצערט דאָס גאָלד. זויפעריי (שיכרות) פאַרצערט דעם פאַרמעגן.

ער וואָלט געקאָנט קלייבן אַ רובל, נאָר הגרגרת מכלה את הזהב... אַז ער דערטאַפּט רייגעם ספּירט, איז נישטאָ קיין מעשות.

(מ. סמבטיון: „אַ פאַרשפּעטיקטע חרטה")

**גרוגרת דרבי צדוק** (גיטין נו)

די אויסגעזויגטע פייג פון רבי צדוק. באַצייכענונג פאַר אַ זייער מאָגערן און אויסגעדאַרטן מענטשן.

אַ קליינס, אַ נידעריקס, אַ טרוקנס, ווי אַ גרוגרת דרבי צדוק, ווי אַ פייג, הייסט עס.

(ש"ע: „ל"ג בעומר")

# ד

**ד' (דלת) אמות** *

פיר אײלן. געמײנט: אַ קלײנער שטח.

איך האָב זיך דערװײטערט פון װאָכעדיקן און גרױען לעבן פון די ענגע ד אמות, װאָס איך האָב ביז דאַן אין זײ געלעבט.

(ר. ברײנין: „פון מײן לעבנסבוך")

**דאגה בלב איש ישיחנה** (יומא עה, אויפן סמך פון משלי יב, 25)

האָט אַ מענטש זאָרג, זאָל ער זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן.

דאגה בלב איש, זאָגט דער פּסוק, ישיחנה, זאָל ער אַרויס־דערצײלן.

(ממ"ס: „דאָס קלײנע מענטשעלע")

**דבר אחר** *

אַן אַנדערע זאַך. געמײנט: אַ חזיר.

[אַז] אַ פּריסטאַװ רופט, קאָן מען קײן דבר־אחר נישט זײן און מען מוז גײן.

(ש"ע: „הונדערט אײנס")

**דבר אל העצים ואל האבנים** (לויט מלכים־א ה, 13)

רעד צו האָלץ און צו שטײן! רעד צו דער װאַנט!

און איר מײנט, אַז צו איר װעט עפּעס דערגײן? װײס איך װאָס? דבר אל העצים ואל האבנים!

(מ. סמבטיון: „דער לעצטער פּרוזה")

**דבר בעתו מה טוב!** (משלי טו, 23)

גוט צו רעדן (אָדער טאָן) אין דער ריכטיקער צײט.

און דבר בעתו מה טוב — כדאי צו דערצײלן אַ זאַך אין איר צײט.

(ש. י. עגנון: „די מעשה מיטן סופר")

**דבר בשם אומרו** (אבות ו, ו)

איבערגעבן אַ װאָרט אין נאָמען פון דעם װאָס האָט עס געזאָגט. ציטירן אַ מחבר.

כ׳האָב זיך תמיד געוווּנדערט איבער דעם גוזמאדיקן זאָג, אַז ווער ס׳זאָגט אַ דבר בשם אומרו, ברענגט די גאולה אויף דער וועלט אָבער ס׳ליגט דערין אַ טיפער מיין.

(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען")

**דבר השווה לכל נפש** (כתובות ז)

אַ זאַך וואָס איז גוט (וואָס איז ווערט) פאַר יעדן איינעם.

ער האָט אָפּגעקויפט אַ נייע המצאה, אַ מין וואַקס וואָס מען קאָן דערמיט צונויפקלעפּן טעלער און גלעזער, דאָס איז שוין אַ דבר השווה לכל נפש.

(י. ל. פּרץ: „נעילה")

**דבר־שקר** (שמות כג, 7) *

אַ ליגן.

אויב ער זאָגט אַ דבר־שקר... זאָל זיך אים שטעלן, זאָגט ער, דאָס מויל אויף אַ זייט.

(ש"ע: „אויפן פידל")

**דברי חכמים בנחת נשמעים** (קוהלת ט, 17)

געלאַסענע רייד פון חכמים ווערן גערן געהערט. חכמים רעדן געלאַסן.

דברי חכמים בנחת, מיין ליבער הער קאַרנאָווסקי, „וואָצו" רעדן דעריבער, איבערהויפּט נאָך אום שבת?

(י. י. זינגער: „די משפּחה קאַרנאָווסקי")

**דברי־חול**

וואָכעדיקע רייד.

שבת האָט ער נישט גערעדט קיין דברי־חול... פלעגט ער מוזן רעדן שבת אויפן ווינק. (ש. ניגער)

**דברי־תורה** (עירובין נד) *

תורה־רייד, ווערטער פון דער תורה.

עס גייט נישט אַרויס פון זיין מויל קיין זאַג, וואָס זאָל נישט זיין פאַרווירצט מיט אַ דבר־תורה.

(א. קריב: „די צוויי אויסדערוויילטע")

**דברים בגו** (כתובות קיא) *

עס איז דאָ אין דעם אַ טיפע כוונה, די זאַך איז נישט פשוט.
ביי אים איז אַלץ סודות, טיפע כוונות, דברים בגו.

(ממ"ס: „בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה")

**דברים בטלים** (ברכות נה)

פוסטע רייד.

מיר רעדן נישט דאָרטן קיין דברים בטלים, מיר לייענען יידישע צייטונגען, ביכער.

(ש"ע: „משוגעים")

**דברים היוצאים מן הלב נכנסים אל הלב** (ר' מ. אבן עזרא)

ווערטער וואָס גייען אַרויס פון האַרצן גייען אַריין אין האַרצן.

ער האָט געקאָנט רירן פאַרשטיינערטע הערצער מיט זיינע דברים היוצאים מן הלב.

(ה. צייטלין: „חסידות")

**דברים העומדים ברומו של עולם** (ברכות ו) *

חשובע ענינים וואָס פאַרנעמען דעם אויבנאָן פון דער וועלט.

ער האָט ליב צו רעדן מיטן טאַטן וועגן ערנסטע זאַכן, דברים העומדים ברומו של עולם.

(א. צייטלין)

**דברים כהויתם** *

זאַכן ווי זיי זענען (אין דערווירקלעכקייט).

דערציילן אים קורץ און שאַרף דברים כהויתם, די זאַכן ווי זיי זענען.

(ח. זשיטלאָווסקי)

**דברים (עניינים) שבינו לבינה**

זאַכן (עניינים) צווישן אים און איר (צווישן מאַן און ווייב).

ער האָט קיין מאָל נישט געקאָנט פועלן ביי זיך אַרויסצוברענגען אויסער דער שטוב די עניינים שבינו לבינה, אפילו נישט פאַרן רבין.

(י. האָפּער: „ר׳ תנחום")

**דברים של טעם** (סנהדרין יד)

לאָגישע רייד.

מען קאָן זיינע טענות נישט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט, ער רעדט דברים של טעם.

(י. י. זינגער)

**דברים (דבר) של מה־בכך**

זאַכן וואָס האָבן נישט קיין ווערט, נאַרישקייטן.

צי איז אַ מענטש באַשאַפן געוואָרן דורכצושטופּן זיך לעבן מיט טענצלעך, סעודהלעך, דברים של מה־בכך.

(ה. צייטלין: „ר׳ נחמן בראַצלאַווער")

**דוד מלך ישראל חי וקיים!**

דוד, דער קעניג פון יידן, לעבט אייביק!

ר׳ דודל האָט געהאַט אַ גאָלדענע שטול מיט אַן אויסגעקריצטן פסוק: דוד מלך ישראל חי וקיים!

(י. ל. פּרץ: „אַ גילגול פון אַ ניגון")

**דוחק את הקץ**

ער איילט־צו דעם קץ (סוף). ער איילט־צו דאָס קומען פון משיחן.

מען זעט אין ר׳ שלמהן... אַ גוט־יידישן דוחק את הקץ. וואָס האָט טראַגיש פאַרלוירן, ווייל דער דור איז נישט מיטגעגאַנגען.

(ש. ביקל: „שרייבער פון מיין דור")

**דור דור ודורשיו** (דברים רבה ז)

יעדער דור און זיינע געלערנטע.

דור דור ודורשיו — יעדער דור מיט זיינע דענקער, וואָס דרשענען אין דער תורה נייע און נייערע געדאַנקען און אידעען.

(א. גאָלאָמב: „ישראל ואורייתא")

**דור הולך ודור בא** (קוהלת א, 4)

א דור גייט אַוועק און אַ דור קומט אָן.

אַט באַפּט זיך אַרויף דאָס אייניקל רייטן אויפן פערד... ווי לאַנג איז עס געוועזן ווי ער, ר׳ משה שמואל, האָט עס אַזוי געריטן... דור הולך ודור בא.

(א. ליס: „משה סטאַווסקי")

**דור המבול**

דער דור פון דער מבול־תקופה. אַ פאַרדאָרבענער דור.

ווילדע חיות־רעות, צו אַלדי שוואַרץ־יאָר! ס׳איז געוואָרן ערגער פונעם דור המבול, עק וועלט איז געוואָרן.

(ש״ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

**דור המדבר** *

דער דור וואָס איז אַרויס פון מצרים און געוואַנדערט פערציק יאָר אין מדבר (דור פון קנעכט).

[ער] קומט אין נייעם לאַנד מיט אַ געהויבענעם קאָפּ, נישט ווי אַ דור המדבר פון די פליישטעפּ, נאָר ווי אַ פאַרגייסטיקטער מענטש.

(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען")

**דור הפלגה** *

דור פון צעשפּליטערונג.

אין אַזאַ שרעקלעכן דור הפלגה, וואָס מענטשן דראַפּען זיך, נעבעך, אויף די גלייכע ווענט.

(ממ״ס, לויט „דאָס מענדעלע־בוך")

**די והותר** (שמות לו, 7) *

איבער גענוג. זייער אַ סך.

בלייבט אים נאָך אַלץ די־והותר: מזומנים אין קאַסע, וועקסלען אין טייסטער.

(י. ל. פרץ: „דער אַרענדאַר")

**די לחכימא ברמיזה** (מדרש משלי כב)

דעם חכם איז גענוג אַ ווונק.

דאָ האָט מען דיר נאָר געוויזן אַ וועג, און ווייטער גיי אַליין און טראַכט... ודי לחכימא ברמיזא.

(א. גאָלאָמב)

**דיה לצרה בשעתה** (ברכות ט)

די צרה איז גענוג אין איר צייט. גענוג צו זאָרגן ווען די צרה קומט.

נעמט זיך נישט צום האַרצן פון די שלעכטע ידיעות... אוודאי קומען אָן שווערע צייטן, אָבער דיה לצרה בשעתה.

(מ. בורשטין)

**דיו בקב חרובין מערב שבת לערב שבת** (תעני כד)

ער האָט גענוג אַ מעסטל באָקסער אויף אַ גאַנצע וואָך. ער באַנוגנט זיך מיט אַ קלייניקייט.

וואָס דאַרף ער אָבער? דיו בקב חרובין מערב שבת לערב שבת.

(ה. צייטלין: „חסידות")

**דין־וחשבון** *

גענויע רעכענונג. אויספירלעכער באַריכט.

בעל־הבית אין שול איז ער דאָך, הײַנט וועמען דאַרף ער אָפּגעבן דין־וחשבון.

(ש"ע: „אָפּגעשלאָגענע הושענות")

**דין פרוטה כדין מאה** (סנהדרין ח)

דער דין פון איין פרוטה איז אַזוי ווי פון הונדערט.

ער איז געווען אויך אַ גרויסער מדקדק אויף דער פרוטה... דין פרוטה כדין מאה.

(ר. בריינין: „פון מיין לעבנסבוך")

**דינא דמלכותא דינא** (נדרים כח)

דאָס געזעץ פון דער רעגירונג איז געזעץ (איז מחייב אַלעמען).

קריגסצייט... איך טאָר זיך נישט מישן... דינא דמלכותא דינא.

(י. י. זינגער: „די משפחה קאַרנאָווסקי")

**דל גאה** (פסחים קיג)

אַן אָרעמאַן אַ בעל־גאווה.

פאַר וואָס האָב איך זיך געהאַט צו שעמען?... אַ דל גאה, אַן אָרעמאַן וואָס האַלט זיך גרויס, בין איך געווען.

(י. האָפער: „ר' תנחום")

**דם־שונא** *

אַ בלוטיקער שונא, אַ שונא אויף לעבן און טויט.

ערודיציע און אינספּיראַציע זענען זיך ממש דם־שונאים.

(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען")

**דן זיין לכף זכות** (לויט אבות א, ו)

משפטן יעדן צום גונסטן, אויסרעכענען צום גוטן (אויב ס'איז אַ ספק בנוגע דער שולד).

ס'איז אַ מצווה אַ מענטשן דן זיין לכף זכות, אַ פשיטא שוין — גאָט.

(ה. צייטלין: „חסידות")

**דעלך סני לחברך לא תעבד** (שבת לא)

זאָלסט נישט טאָן יענעם, וואָס דיר איז נישט ליב.

עראַזמוס [פון ראָטערדאַם] איז געווען אַ פרעדיקער פון דער הומאַנישער רעליגיע... וואָס דריקט זיך אויס אין קלאַסישן זאַץ: „דעלך סני — לחברך לא תעבד!"

(י. גאָלדקאָרן: „פון וועלטקוואַל")

**דעת־הקהל**

געזעלשאַפטלעכע מיינונג.

עס איז נישט הפקר די וועלט, זיי מוזן זיך רעכענען מיטן דעת הקהל. (מ. בורשטין)

**דקדוקי עניות** (עירובין מא)

איבערגעטריבענע פּעדאַנטישקייט, מקפּיד זיין אויף קליניקייטן.

זאָל דאָ קיינער נישט זאָגן, אַז דאָס איז אַ קליניקייט, דקדוקי־עניות. (א. א. ראָבאַק: „דער פֿאָלקסגייסט אין יידיש")

**דריסת־הרגל** *

אַ צוטריט.

און מגדל געווען האָט ער כלבים, עס זאָלן קיין אָרעמע לייט נישט מאַכן זיך קיין דריסת־הרגל אין זיין הויז. (י. ל. פּרץ: „מסירת נפש")

**דרך־ארץ קדמה לתורה** (ויקרא רבה ט)

פריער דרך־ארץ און דערנאָך תורה.

די דאָזיקע יידן האַלטן, אַז דרך־ארץ קדמה לתורה, אַז וועלט־לעכע פליכטן זענען בילכער ווי לערנען תורה.

(ש. סאַפּיר: „שלמה מיימון")

**דרך הישר** (לויט אבות ב, א)

גלייכער (גוטער) וועג.

ר' תנחום האָט געזען, וואָס ס'איז געוואָרן פון זייבע קינדער, האָט ער דיך געוואָלט פאַרהיטן, זאָלסט נישט אַראָפּ פון דרך־הישר.

(י. האָפּער: „ר' תנחום")

**דרך המלך** (במדבר כ, 17)

קעניגלעכער וועג. ברייטער שליאַך.

שלום־עליכם איז זיך געגאַנגען מיט זיין אייגענעם שליאַך, מיטן דרך המלך, און זייטיקע שטעגן זענען אים געווען פרעמד.

(נ. מייזיל: „שלום־עליכם")

## ה

**ה׳ נתן וה׳ לקח** (איוב א, 21)

גאָט האָט געגעבן און גאָט האָט צוגענומען.

ה׳ נתן ה׳ לקח — מיר זענען נישט די ערשטע, מיר זענען נישט די לעצטע.

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער״)

**הא בהא תליא**

איינס העננט אָפּ פון אַנדערן. ביידע זאַכן זענען געקניפּט און געבונדן.

וואַרשעווער יידן האָבן גלייך אַרויסגעדרונגען, אַז הא בהא תליא: דעם מיידלס אַנטלויפן האָט גורם געווען ר׳ משולם זאָל אָוועקפאַלן.

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט״)

**האוכל בשוק הרי זה דומה לכלב** (קידושין מ)

דער וואָס עסט גייענדיק אין מאַרק איז געגליכן צו אַ הונט.

גייענדיק האָבן זיי געביסן די סענדוויטשעס, געקייט... הינט, הינט! האוכל בשוק דומה לכלב.

(ש. מילער: „דור המדבר״)

**הבה נתחכמה** (שמות א, 10)

לאָמיר עפּעס צוטראַכטן, לאָמיר זוכן אַן עצה.

הבה נתחכמה — לאָמיר עפּעס צוטראַכטן, ווי אַזוי ווערט מען פּטור פונעם דאָזיקן המן ימח שמו!

(ש״ע: „לשנה טובה״)

**הבוקר אור** (בראשית מד, 3)

ס׳איז נאָר טאָג געוואָרן. באַגינען.

הבוקר אור — ס׳איז נאָר טאָג געוואָרן, האָב איך מיך געפּעדערט אין בית־המדרש אַריין.

(ש״ע: „מנחם מענדל״)

**הבטלה מביאה לידי שיעמום** (כתובות נט)

דאָס אָרומגיין פּוסט־און־פּאַס ברענגט צו לאַנגווייליקייט.

ער וועט זיך דאָרט נישט דערהאַלטן, הבטלה מביאה לידי שיעמום!

(מ. סמבטיון: „אַ פּאַרשפּעקטיקטע חרטה")

**הבל הבלים** (קוהלת א, 2) *

נאַרישקייטן. גאָרנישט מיט גאָרנישט.

דאָס לעבן איז הבל־הבלים, אַ נאַרישע שפּיל.

(ר. ברײנין: „פון מײן לעבנסבוך")

**הגשמה עצמית**

זעלבסטפאַרווירקלעכונג.

ער האָט ווערטער פון אָנערקענונג און צו מאָל אַפילו פון באַגייס־טערונג פאַר דער מדרגה פון מאָראַליש־יידישן תיקון, וואָס ליגט אין דער הגשמה עצמית פון די חלוצים.

(ש. ביקל: „שרייבער פון מיין דור")

**הדברים סתומים וחתומים** (דניאל יב, 9)

די ווערטער זענען פאַרבאָרגן און פארחתמעט. שווער צו פאַרשטיין די נישט־קלאָרע דיבורים.

כ׳האָב געלייענט דעם מאמר עטלעכע מאָל און נישט געקאָנט תופס זיין דעם רעיון. הדברים סתומים וחתומים.

(בעל־מחשבות)

**הדיוט קופץ בראש** (מגילה יב) *

דער גראָבער־יונג רייסט זיך דער ערשטער.

היינט — הדיוט קופץ בראש, ביי שנים כתיקונם — גייט משה רבנו פאָרויס.

(י. ל. פרץ: „חסידיש")

**הדרת פנים** (שבת קנב) *

אַ מאַיעסטעטיש אויסזען.

און מיט אַ מאָל אַ ייד אַ הדרת־פּנים, אַ גילגול־ייד פון פּוילן צי פון זשאַמעט.

(א. סוצקעווער: „די גײַסטיקע ערד")

**ההרגל נעשה טבע שני** (מ. ח. לוצאטו: מסילת ישרים) *

געוווינהייט ווערט די צווייטע נאַטור.

מען איז שוין צוגעוווינט צום הויז, צו דער שטאָט, צו דער אכסניא... איז טאַקע הרגל נעשה טבע.

(י. ל. פרץ: „ער ז"ל און זײַנע מקורבים")

**הויות העולם (הוויות העולם)**

וועלטזאַכן, שטייגער־לעבן.

פישל האָט זיך פאַרטראַכט... אין הוויות העולם, אין הימלזאַכן, אין דער גרויסקייט פון דער שיינער וועלט.

(ש"ע: „אויף פסח אַהיים")

**הותרה הרצועה** (ויקרא רבה כח)

אויפגעבונדן דעם קאַנטשיק. אַלץ איז הפקר.

ווי געפעלן אײַך עפּעס אַזוינע דיבורים, אַזאַ חוצפה? האַ? אויס וועלט! הותרה הרצועה!

(ממ"ס: „בישיבה של מעלה...")

**הזהר והישמר** *

אָפּגעהיט און באַשירעמט זאָלסטו זײַן!

הזהר והשמר! טאָמער וועט זיך דערוועגן עמעצער צוצורירן זיך.

(ש"ע: „מאָטל פייסי דעם חזנס")

**הזהרו בבני עניים, שמהם תצא תורה** (נדרים פא)

זײַט געהיט מיט די קינדער פון אָרעמע־לײַט, ווײַל פון זיי קומט די תורה.

פאַר די פּרושים וואָס האָבן געפּרעדיקט: „הזהרו בבני עניים,

שמהם תצא תורה״... האָט מלכות מיט די מלכים מיט די דינאַסטיעס... געהאַט אַ קליינע באַדייטונג.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע ווערן פון אייביקן פאָלק״)

**הזהרו בבני עם הארץ, שמהם תצא תורה** (סנהדרין צו)

זייט געהיט מיט די קינדער פון עמי־הארצים, ווייל פון זיי קומט די תורה.

דער תלמודישער זאָג „הזהרו בבני עם־הארץ, שמהם תצא תורה״... מיינט: פון דעם פאָלקישן מאַסיוו און זייך לעבן וואַקסט די תורה.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע ווערן פון אייביקן פאָלק״)

**הזורעים בדמעה — ברינה יקצורו** (תהילים קכו, 5) *

די וואָס זייען מיט טרערן, וועלן שניידן מיט געזאַנג.

עס איז פאַרווירקלעכט דאָ די לאָזונג: הזורעים בדמעה, ברינה יקצורו.

(נ. מייזיל)

**החילות לנפול — נפול תיפול!** (מגילת אסתר ו, 13)

האָסטו נאָר אָנגעהויבן פאַלן, וועסטו שוין תמיד פאַלן.

אוי טביה... החילות לנפול — ביסט געווען אַ קבצן און וועסט בלייבן אַ קבצן!

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער״)

**החכם עיניו בראשו** (קוהלת ב, 14)

דער חכם האָט זיינע אויגן אין קאָפּ (ער זעט פאָר דעם רעזולטאַט).

החכם עיניו בראשו, דאָס מיינט: אַ קלוגן זאָגט מען אויפן ווונק.

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער״)

**היה יהודי בביתך ואדם בצאתך** (לויט י. ל. גאָרדאָן)

זיי אַ ייד אין שטוב און אַ מענטש אין גאַס (לאָזונג פון די משכילים).

דאָס לעבן איז אַ קאַטאָוועס־טרייבער. יידן האָבן געוואָלט זיין יידן אין הויז און מענטשן אין גאַס — היה יהודי בביתך ואדם בצאתך —

**איז געקומען דאָס לעבן און האָט איבערגעביטן די יוצרות: מיר זענען גוים אין הויז און יידן אין גאַס.**

**(י. י. זינגער: „די משפחה קאַרנאָווסקי")**

**היום כאן ומחר בקבר** (ברכות כח)

היינט אין שטוב און מאָרגן אין גרוב.

איך האָב אים דערמאָנט, אַז אייביק לעבט מען נישט, **היום כאן ומחר** בקבר.

**(י. באַשעוויס: „דער רואה ואינו נראה")**

**היום קצר והמלאכה מרובה** (אבות ב, טו)

**דער טאָג איז קליין, און אַרבעט איז דאָ אַ סך.**

**די תורה איז אַ גרויסע און אַ טיפע, יעדער דור האָט געענג וואָס אויפצוטאָן... היום קצר והמלאכה מרובה.**

**(ח. גרינבערג)**

**היינו הך**

**איינס און דאָס זעלבע. די אייגענע זאַך.**

**הייזער זענען געוואָרן פאַרשאָטן... הימל און ערד ווערן היינו הך.**

**(י. באַשעוויס: „די עצה")**

**הכל תלוי במזל אפילו ספר תורה שבהיכל** (זוהר, נשא)

אַלץ דאַרף האָבן מזל, אפילו אַ ספר־תורה אין היכל.

נאָר מיט דעם „הכל תלוי במזל, אפילו ספר תורה שבהיכל" קאָן מען אָננעמען דעם פסק פון גורל, וואָס גראָד דאָס ווערק איז אַזוי ווייניק באַקאַנט.

**(י. האָפער: „יוליוש סלאָוואַצקי")**

**הכסף יענה את הכל** (קוהלת י, 19)

געלט מאַכט אַלץ. געלט רעגולירט די וועלט.

הכסף יענה את הכל... פאַרן עגל קניט מען אפיים ארצה.

**(י. פריילינך)**

### הכרת טובה

געדענקען אַ טובה, דאַנקבאַרקייט.

ער איז געווען פול מיט הכרת טובה, פול מיט דאַנקבאַרקייט פאַר דעם אַלעם וואָס דער פעטער טוט פאַר אים.

(י. האָפּער: „ר' תנחום")

### הלומד ילד למה הוא דומה? לדיו כתובה על נייר חדש (אבות ד, כ)

דער וואָס לערנט קינדווייז איז געגליכן צו טינט, וואָס איז געשריבן אויף ניי פּאַפּיר.

הלומד ילד למה הוא דומה? לדיו כתובה על נייר חדש — דעם לערערס רייד דרינגען אַריין אין דעם קינדס האַרץ און ווירקן דאָרט אַזוי, פּונקט ווי די בוכשטאַבן אויף ניי פּאַפּיר טראָגן דעם כאַראַקטער פון שרייבער.

(ממ"ס: „אַ בריוו וועגן דערציונג")

### הלך לעולמו

ער איז אַוועק אין זיין וועלט. ער איז נפטר געוואָרן.

אַ חכמה אַ יידענע איז געווען טאַקע מיינע... האָט זי זיך באַצייטנס אַרומגעקוקט, אָפּגעזעגנט זיך מיט דער נאַרישער וועלט און הלכה לעולמה.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

### הלכות דרך־ארץ

העפלעכקייט־פאַרשריפטן.

לערנען מיט זיי הלכות דרך־ארץ.

(ז. שניאור)

### המבדיל בין קודש לחול (הבדלה)

וואָס טיילט אָפּ די הייליקייט פון דער וואָכעדיקייט.

ווער עס האָט די קלינגערס, דעם איז גוט, ווי זאָגט מען: המבדיל בין קודש לחול — ווער עס האָט געלט, דעם איז ווויל.

(ש"ע: „משוגעים")

**המון העם (המון־עם)** *

פאָלקסמאַסע, פשוטע מענטשן.

דערפאַר האָב איך זיך נישט געמאַטערט צו באַשרענקען מײַן געדאַנק און אַרײַנצוקוועטשן אים אין אויסדרוקס־געפעס פון המון־עם.

(י. ל. פרץ אין אַ בריוו צו שלום עליכם)

**המלבין פני חברו ברבים, אין לו חלק לעולם הבא** (אבות ג, יא)

דער וואָס פאַרשעמט יענעם עפנטלעך, פאַרלירט זײַן חלק עולם־הבא.

האָב איך מורא, עס זאָל זײַ, חס־ושלום, נישט שאַטן... המלבין פני חברו ברבים...

(י. ל. פרץ: „מסירת־נפש״)

**המתרגם פסוק כצורתו הרי זה בדאי** (קידושין מט)

דער וואָס פאַרטײַטשט אַ פסוק בוכשטעבלעך, איז אַ ליגנער (ער גיט נישט איבער דעם ריכטיקן מײַן).

מען האָט פריער געזאָגט וועגן דער תורה: „המתרגם פסוק בצורתו הרי זה בדאי״ — דער וואָס פאַרטײַטשט אַ פסוק ווי זײַן אויסזען, איז אַ פלוידערער.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע חעגן פון אייביקן פאָלק״)

**הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו** (שמואל־ב א, 23)

די געליבטע און געטרײַע אין זייער לעבן און אין זייער טויט האָבן זיך נישט צעשיידט.

אויף זײ איז געזאָגט געוואָרן דער פסוק: הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו — די ליבע און געטרײַע, סײַ ביים לעבן סײַ ביים טויט האָבן זײ זיך נישט געשיידט.

(ש״ע: „דאָס פאַרפאָלק״)

**הס מלהזכיר!** (לויט עמוס ו, 10)

נישט וואָגן צו דערמאָנען. מאַכן אַ שוויַיג.

ער איז געלעגן, אײַנגעאָטעמט רײַנעם זויערשטאָף... פון מאַכן די מינדסטע באַוועגונג איז שוין אָפּגערעדט, און רעדן — הס מלהזכיר!

(ש. מילער: „אַלטער נאַר״)

**העצמות היבשות** (יחזקאל לז, 5)

די טרוקענע ביינער. אָן לעבן.

וועלן זיי שוין באַלעבן די עצמות יבשות און אַריינגעבן אין דער גאַנצער אַטמאָספער אַ רוח־חיים.

(א. א. ראָבאַק: „די אימפעריע יידיש")

**הפה שאסר, הפה שהיתיר** (כתובות יח) *

דאָס אייגענע מויל וואָס האָט פאַרבאָטן האָט דערלויבט.

שרייבן מוז מען! הפה שאסר, הפה שהיתיר!

(י. ל. פרץ)

**הפלא ופלא!** (ישעיה כט, 14) *

וווּנדער איבער וווּנדער. אויסטערליש שיין.

וווּנדערלעכע מעשיות... אַז איר וועט זיי האָרכן, וועט איר אַליין זאָגן אַז ס'איז הפלא ופלא!

(ש"ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

**הפנקס פתוח והיד כותבת** (אבות ג, טז)

דאָס בוך איז אָפן און די האַנט פאַרשרייבט (אַלע מעשים).

פון דער אַנדערער זייט — דירעקטע פערזענלעכע אחריות פאַר אַלע מעשים און כוונות... הפינקס פתוח והיד כותבת.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**הפסד מרובה** *

גרויסער געלטשאָדן.

ביי אַ הפסד מרובה האָט ער אַפילו אויף אַ קדמון אַ מחמיר נישט געקוקט.

(י. ל. פרץ: „וואָס אַ מאָל ווייניקער")

**הציץ ונפגע** (חגיגה יד)

ער האָט אַריינגעקוקט און איז געניזוקט געוואָרן (געלייקנט אין יידישקייט).

ער האָט זיך אין גאַנצן דערווייטערט פון ייִדן און ייִדישקייט — הציץ ונפגע.

(ר. ברײַנין: „פון מײַן לעבנסבוך")

**הקול קול יעקב והידיים ידי עשו** (בראשית כז, 22)

דאָס קול איז יעקבס און די הענט עשוס.

ער (דער אַלײנהערשער) וועט פּראָפּאַגאַנדירן דאָס הקול קול יעקב, אָבער ער וועט זיכער נישט פאַרנאַכלעסיקן די דוביני (די רוט) פון דיקטאַט, די הידים ידי עשו.

(א. גאָרדין: „די יסודות פון דער געזעלשאַפט")

**הקנאה, התאווה והכבוד מוציאים את האדם מן העולם** (אבות ד, כא)

קנאה, תאווה און כבוד ברענגען אום דעם מענטשן פון דער וועלט.

איר פרעגט מיך, צי ער האָט פחד?... מן הסתם האָט ער יאָ, נאָר דער חשק צו זײַן אַ גענעראַל... הקנאה, התאווה והכבוד מוציאים את האדם מן העולם. (מ. סמבטיון: „דם ואש ותמרות עשן")

**הרהור־עבירה, הרהורי־עבירה** *

מחשבה (מחשבות) וועגן דער עבירה.

אַז אַ ייִד האָט גאָר, רחמנא ליצלן, הירהורי־עבירה בײַם דאַווענען.

(י. ל. פרץ: „דער הינטישער סדר")

**הרהור־תשובה, הרהורי־תשובה** *

מחשבה (מחשבות) וועגן תשובה טאָן.

פון דעם שמועס וועגן דער אונטערגײיענדיקער שיף האָב איך באַקומען הירהורי־תשובה. ס'איז מיר באַפאַלן אַ פרומקייט.

(י. האָפּער: „ר' תנחום")

**הרהורי־עבירה קשים מעבירה** (יומא כט)

דאָס כסדרדיקע טראַכטן וועגן דער עבירה איז ערגער פון דער עבירה גופא.

מרדכי האָט געפילט ווי בייזע מחשבות קלייבן זיך אַרום אים...

און כאַטש ער האָט גוט געוווּסט, אַז הירהורי־עבירה קשים מעבירה, האָט ער זיך גאָרנישט געקאָנט העלפֿן.

(י. אָפּאַטאָשו : „אין פּוילישע וועלדער")

**הרחק משכן רע** (אבות א, ז)

דערווייטער זיך פֿון אַ שלעכטן שכן.

ער איז אַ מסור, אַנטלויף פֿון אים... הרחק משכן רע.

(ש. אַש)

**הרי אני כבן שבעים** (הגדה פֿון פּסח)

איך זע אויס ווי אַ בן־שבעים (ווי איינער וואָס איז אַלט זיבעציק יאָר).

טוט אָבער אַ קוק אויף מיר: הרי אני כבן שבעים — איך בין נאָך נישט אַלט קיין זעכציק און זעט, ווי ווייס טביה איז געוואָרן.

(ש"ע : „טביה דער מילכיקער")

**הרי חושך** (תמיד לב) *

פֿינצטערע (שוואַרצע) בערג. עק וועלט, גאָר ווייטע מקומות.

דאָרטן ערגעץ הינטער די הרי חושך, אַזש אויף יענער זייט סמבטיון, געפֿינט זיך אַ פֿאָלק, וואָס מען רופֿט עס די רויטע יידעלעך.

(ש"ע : „די רויטע יידלעך")

**הרים וגבעות** (ישעיה מב, 15) *

בערג און בערגלעך, גאַנצע בערג. צוזאָגן הרים וגבעות — צוזאָגן דאָס טעלערל פֿון הימל.

ער האָט מיר צוגעזאָגט הרים וגבעות, גאָלדענע בערג.

(ר. ברײנין : „פֿון מיין לעבנסבוך")

**הרצחת וגם ירשת ?!** (מלכים־א כא, 19)

דו האָסט געמאָרדעט און ווילסט אויך ירשענען דעם קרבן ?

דעם נביאס רוף צום מעכטיקן מלך אחאב : „הרצחת וגם ירשת !" האָט געטראָפֿן ווי אַ דונער אין די עטישע טיפֿענישן פֿון יידישן וועלט־מיטאָס.

(י. י. טרונק : „משיח־געוויטער")

**הרת־עולם** (מוסף פון ראש־השנה) *

די באַשאַפונג (דער משפט) פון דער וועלט, גרויסע געשעעניש.

קריגט זיך נישט מיט אַנאַנדער, היינט איז הרת־עולם, היינט גייען מיר אַלע צוזאַמען.

(ש. אַש)

**השארת־הנפש, השארות הנפש**

אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה, דאָס אייביקע לעבן.

ער (חיים גרינבערג) האָט גערעדט מיט אַזאַ גלויבן וועגן השארת־הנפש, וועגן דעם טויט, וועלכער באַדייט נישט קיין אָפּשלוס.

(ז. שזר : „ליכטיקע פערזענלעכקייטן")

**השגחה עליונה; השגחה פּרטית** *

אייבערשטע השגחה; הימלישע אויפזיכט (אויף יעדן פּרט).

די השגחה עליונה האָט אויסגעקליבן זייער פאָלק צו זיין דער אוואַנגאַרד פון דער מענטשהייט אויפן וועג צו מאָראַלישער ווידערגע־בורט.

(ח. גרינבערג : „ייד און וועלט")

ער האָט גלייך דערזען אין דעם אַ צייכן פון אויבן, אַ השגחה פּרטית.

(י. י. זינגער)

**השומר אחי אנוכי?** (בראשית ד, 9)

צי בין איך דער שומר פון מיין ברודער? צי טראָג איך פאַר אים די אחריות?

איך מאַך מיך תמעוואַטע און רוף מיך אָן צו אים אַזוי: „השומר אחי אנוכי?" — פון וואַנען זאָל איך וויסן?

(ש"ע : „טביה דער מילכיקער")

**השכלה בת השמים**

בילדונג — הימלישע טאָכטער. אויפקלערונג, רענעסאַנס.

מער באַגייסטערונג פאַר דער ראַציאָ, פאַר וויסן, פאַר דער השכלה בת השמים.

(ש. ביקל : „שרייבער פון מיין דור")

**השתפכות־הנפש** *

גערירטקייט, באַגייסטערונג, התלהבות.

סענטימענטן זענען אים לחלוטין פרעמד, השתפכות־הנפש און השתפכות־הפעדער — אוודאי נישט. (נ. מייזיל: „י. י. זינגער")

**התקן עצמך ללמוד תורה שאינה ירושה לך** (אבות ב, יב)

גרייט זיך צו לערנען תורה, ווייל זי גייט נישט איבער צו דיר בירושה.

התקן עצמך ללמוד תורה שאינה ירושה לך — די תורה ווייסט נישט פון קיין ירושה, פון קיין דינאַסטיע, פון קיין אַריסטאָקראַטיע.

(נ. שמן: „דאָס געזאַנג פון חסידות")

**התר־הוראה (היתר־הוראה)** *

סמיכה אויף צו זיין אַ רב, רבנישער דיפלאָם.

ער איז אין אַ מקום תורה, ער זיצט אין לובלין און לערנט אויף היתר־הוראה.

(ש. אַש: „דער תהילים־ייד")

**התרוממות־הנפש**

נשמה־דערהייבונג, גייסטיקע הויכקייט.

[די אגדה] האָט אין אירע מאָמענטן פון התרוממות־הנפש אַוועקגעשטעלט דעם עכטן גר, דעם גר־צדק אויף איין מדרגה פון יידן, אָדער אפילו העכער פון יידן.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

## ו

**ואהבת לרעך כמוך** (ויקרא יט, 18) *

זאָלסט ליב האָבן דיין פריינד ווי זיך אַליין.

ואהבת לרעך כמוך — דאָס איז אַ וויזיע פון מעטאַפיזישער אידענטישקייט פון „איך" און „נישט־איך".

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**וארשתיך לי לעולם** (הושע ב, 21)

איך וועל דיך פאַרקנסן צו מיר אויף אייביק.

ווען ער (מאַנגער) האָט געשטעלט זיינע ערשטע טריט אין פּאָעזיע, האָט ער צו יידיש געזאָגט די ווערטער פון הושע הנביא: וארשתיך לי לעולם.

(י. האָפער, „די גאָלדענע קייט", 40)

**ובא לציון גואל** (ישעיה נט, 20)

„און קיין ציון וועט קומען דער אויסלייזער" (מיט דעם פּסוק פאַרענדיקן די מגידים זייערע דרשות).

איך חזר זי (די דרשה) אַלע מאָל איבער, דאָ שטעל איך אַריין אַ צאַצקע, דאָרט מאַך איך אַ נייעם קנייטש, אַ נייעם אויפטו און איך האַלט שוין ביי ובא לציון גואל.

(ממ"ס: „בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה")

**ובחרת בחיים** (דברים ל, 19)

זאָלסט אויסקלייבן דאָס לעבן.

אונדזער תורה לערנט דעם יידן ליב צו האָבן דאָס לעבן... ובחרת בחיים!

(ה. צייטלין)

**וגר זאב עם כבש** (ישעיה יא, 6) *

עס וועט וווינען אַ וואָלף צוזאַמען מיט אַ שעפּס (שלום וועט זיין אויף דער וועלט).

און באַלד וועט מקויים ווערן ישעיה הנביאס ווערטער: וגר זאב עם כבש — עס וועט וווינען אַ וואָלף צוזאַמען מיט אַ שעפּעלע.

(י. ל. פּרץ: „וואָס אַ מאָל וויניקער")

**ודע מה שתשיב לאפיקורוס** (אבות ב, יד)

זאָלסט וויסן וואָס צו ענטפערן דעם אַפּיקורס.

ער וויל וויסן וואָס צו ענטפערן אַנדערע יידן, וואָס מאַטערן אים מיט אַזעלכע קשיות: ודע מה שתשיב לאפיקורוס.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**והא ראיה** *

און אָט איז אַ באַווייז.

און והא ראיה: נעמט אַ ניגון און צעשניידט אים, זינגט אים קאַפויר... נו האָט איר אַ ניגון?

(י. ל. פרץ: „אַ גילגול פון אַ ניגון")

**והגית בו יומם ולילה** (יהושע א, 8)

זאָלסט לערנען [תורה] טאָג און נאַכט.

פונקט ווי ער האָט וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער מקיים געווען דעם והגית בו יומם ולילה, אַזוי האָט ער אויך נישט אויפגעהערט צו שטודירן אַלגעמיינע וועלט־דערשיינונגען.

(א. צייטלין: „מיין פאָטער")

**והדרת פני זקן** (ויקרא יט, 32)

זאָלסט אָפּגעבן כבוד דעם זקן.

נישט שיין, יענטל, צו טרייבן אַ זקן!... והדרת פני זקן שטייט געשריבן אין דער תורה.

(י. י. זינגער: „די משפחה קאַרנאָווסקי")

**והילד איננו** (בראשית לז, 30) *

און דאָס קינד איז נישטאָ.

פלוצעם פלעגט ער זיך אויפהייבן, אַוועקגיין און והילד איננו, נישטאָ פעפערל.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**והכל שריר וקיים**

און אַלץ איז פעסטגעשטעלט און באַשטעטיקט (אָנגענומענער צושריפט צום סוף פון אַ דאָקומענט).

והכל שריר וקיים... און פאַרפעסטיקן דעם אָפּמאַך איז געקומען רב יוחנן און אַליין זיך געחתמעט.

(ש. מילער: „ירושה")

**וחי אחיך עמך** (ויקרא כה, 36)

זאָל דיין ברודער לעבן צו גלייך מיט דיר.

יעדער מענטש דאַרף לעבן! ס׳שטייט ביי אונדז, זאָגט ער, גע־שריבן: וחי אחיך עמך!

(ש״ע: „לשנה טובה״)

**וחי בהם** (ויקרא יח, 5)

[דער מענטש] זאָל לעבן מיט זיי (מיט די מצוות).

וחי בהם — גאָט האָט געהייסן לעבן, נישט שטאַרבן.

(ח. נ. ביאַליק: „דער קורצער פרייטיק״ — יידיש: ח. גורט)

**ויבוא המן!** (מגילת אסתר ו, 6) *

און עס קומט אַריין המן! (אַן אויסדרוק וואָס ווערט באַנוצט, ווען ס׳קומט פלוצעם אַריין אַ שונא).

איך הייב אויף די אויגן — ויבוא המן! פאַר מיר שפרייזט דער מלאך־המוות. (ש. אנסקי)

**ויסעו ויחנו, ויחנו ויסעו** (לויט שמות יט, 2)

זיי זענען געפאָרן און זיך אָפּגעשטעלט, זיך אָפּגעשטעלט און געפאָרן.

אַז מען הייבט אָן רעדן פון פּאָגראָמען, הייבן יידן אָן צו לויפן פון איין שטאָט אין דער אַנדערער... ויסעו ויחנו, ויחנו ויסעו — פאַר דו צו מיר, וועל איך פאָרן צו דיר.

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער״)

**וישמן ישורון ויבעט** (דברים לב, 15)

ישראל איז פעט געוואָרן און האָט געבריקעוועט (צו פיל שפע איז גורם צו שלעכטע מידות).

די אָרעמקייט וועט זיין בעסער פאַר יידישקייט איידער די רייכקייט און שפע... וישמן ישורון ויבעט!

(ה. צייטלין: „חסידות״)

**וכדי בזיון וקצף** (מגילת אסתר א, 18)

גענוג חרפה און ערגערניש.

— איר זייט אפשר זיך מאַמע? — אַט דאָס הייסט וכדי בזיון וקצף, צו דעם בראָך נאָך אַ צוגאָב אַ שטאָך.

(ש. מילער: „צו דער עקידה")

**וכך היה אומר... וכך היה מונה...** (מוסף פון יום־כיפור) *

און אַזוי האָט ער געזאָגט... און אַזוי האָט ער געציילט...

פון וכך היה אומר ביז וכך היה מונה פאַלט מען זיבן מאָל כורעים.

(ש״ע)

**וכתתו חרבותם לאתים** (ישעיה ב, 4)

זיי וועלן איבערשמידן זייערע שווערדן אויף אַקעראייזנס. (שלום וועט זיין אויף דער וועלט).

אונדזערע נביאים האָבן מיט טויזנטער יאָרן צוריק גערופן צו שלום אויף דער וועלט... וכתתו חרבותם לאתים.

(ח. גרינבערג)

**ומותר האדם מן הבהמה אין** (קוהלת ג, 19)

אַ מענטש שטייט נישט העכער פון דער בהמה (אין פיזיאָלאָגישן זין).

אַ מענטש האָט אַ מויל און קאָן זיך כאַטש אויסטענהן... און אַ פערד להבדיל, וואָס? ווי זאָגט איר: ומותר אדם מן הבהמה...

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער")

**ונשמרתם מאוד לנפשותיכם** (דברים ד, 15)

היט אָפּ אייערע לעבנס.

דער דאָזיקער ייד האָט אַלע יאָרן עוסק געווען אין דער מצווה פון ונשמרתם מאד לנפשותיכם, דהיינו: ער האָט געגעסן, געטרונקען און זיך געלאָזט ווילגיין.

(י. באַשעוויס: „דער רואה ואינו נראה")

**ועל כולם** (פון דער תפילה „על חטא") *

אויף אַלע, מער פון אַלעמען.

איך קאָן נישט פאַרטראָגן דאָס רויטע פּנים זיינס מיט די פעטע באַקן, מיט דער מעשענער באָרד, און ועל כולם דאָס הוסטעלע זיינס.
(ש״ע)

**ושמחת בחגך** (דברים טז, 14)
זאָלסט זיך פרייען אין דיין יום־טוב.
זאָלסט לכבוד דעם הייליקן יום־טוב באַנייען אַ מלבוש... און דו וועסט מקיים זיין: ושמחת בחגך!
(י. ל. פרץ: „די תאווה צו קליידער״)

## ז

**זה בכה וזה בכה** (מלכים־א כב, 20) *
דער זאָגט אַזוי און דער זאָגט אַנדערש, דער אַהער און דער אַהין.
קומען זיי... ווערט זה בכה וזה בכה! איינער זאָגט אַ דריטל, איינער — אַ האַלבן, איינער — גאָר אַ גאַנצן מיליאָן.
(י. ל. פרץ)

**זה חלקי מכל עמלי?** (לויט קוהלת ב, 10)
צי איז דאָס די באַלוינונג פאַר מיין גאַנצער אַרבעט?
[מיין פערדל] קוקט אויף מיר מיט שטומע אויגן, ווי איינער רעדט: זה חלקי מכל עמלי? — אָט אַזוי דאַנקסטו מיר אָפּ פאַר מיין סלוזשבע?
(ש״ע: „טביה דער מילכיקער״)

**זה לעומת זה** (לויט קוהלת ז, 14)
איינס אַנטקעגן אַנדערן (גוטס אַנטקעגן שלעכטס, קדושה אַנטקעגן טומאה אד״גל.
ס׳איז זה לעומת זה, אַז די קדושה שטאַרקט זיך איז זיך אויך מתגבר די קליפּה.
(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט״)

**זה נהנה וזה לא חסר** (במדבר רבה יג)
דער האָט פאַרגעניגן און יענער האָט נישט קיין שאָדן.

אַז מען קאָן אַ חבר פאַרשאַפן אַ ביסל כבוד, פאַר וואָס זאָל מען דאָס נישט טאָן? עס איז דאָך זה נהנה וזה לא חסר.

(מ. בורשטין)

**זה נופל וזה קם** *

דער פאַלט און יענער שטייט אויף, דער ווערט דערנידעריקט און יענער דערהויבן.

זה נופל וזה קם... מאַכט דער נייער קינסטלער דעם זעלבן וועג וואָס דער אַלטער האָט געמאַכט. (י. ל. פרץ)

**זו תורה וזה שכרה!** (ברכות סא) *

דאָס איז די תורה און דאָס איז איר שכר.

זו תורה וזה שכרה! מיש איך אויף די גמרא — ווער איז צו מיר גלייך?

(י. ל. פרץ: „פון יוחנן מלמדס מעשהלעך")

**זולל וסובא** (דברים כא, 20) *

פרעסער און זויפער.

זיצט ער דאָרטן, דער זולל וסובא, אין פאַריז, שרייבט וועקסלען, פטרט אַ פאַרמעגן.

(י. אָפּאַטאָשו: „אין פוילישע וועלדער")

**זיווג מן השמים**

אַ פּאָר פון הימל, אַ געראָטן פּאָרפאָלק.

איך האָב געזען בחוש, אַז איך און גלופּסק זענען אַ זיווג מן השמים.

(ממ"ס)

**זכור את אשר עשה לך עמלק!** (דברים כה, 17)

געדענק וואָס עמלק האָט דיר געטאָן.

עמלקן האָבן זיי (די יידן) נישט געקאָנט מוחל זיין... זכור את אשר עשה לך עמלק!

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**זכות אבות** (אבות ב, ב) *

זכות פון די עלטערן.

ער האָט זיך די גאַנצע צייט געבריהט, געשריבן פּאַפּירן, געזוכט זכות אבות. (ש״ע: „מיטן עטאַפּ״)

**זכותו יגן (תגן) עלינו** *

זיין זכות זאָל אונדז ביישטיין (אַ שפּרוך ווען מען דערמאָנט אַ פאַרשטאָרבענעם צדיק).

אליהו הנביא, זכותו יגן עלינו, האָט זיך שטאַרק דערפרייט, ווען ער האָט געהערט וואָס דער בעל־שם־טוב טראַכט און זאָגט אין שטעטעלע מעזשיבעזש.

(י. י. טרונק: „משיח־געוויטער״)

**זכיה לדורות**

אַ זכיה אויף דורות לאַנג, אַ זכיה אויף אייביק.

ס׳איז אַ גרויסע זכיה פאַר אַ מענטש... אַז זיינע פערזן זאָלן געזונגען ווערן מיט אַזאַ ברען, מיט אַזאַ התלהבות — אַ זכיה לדורות, אַ זכיה אויף אייביק.

(ה. לייוויק: „עסייען און רעדעס״)

**זכר לחורבן**

אַן אָנדענק פון חורבן.

די יידישע ענציקלאָפּעדיע האָט זיך געראַטעוועט. נישט נאָר דאָס שטיקל גוף, די אָנגעהויבענע אַרבעט, וואָס איז געבליבן ווי אַ זכר לחורבן, נאָר געראַטעוועט אויך די נשמה.

(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען״)

**זכר ליציאת מצרים** (קידוש)

אָנדענק צו דער באַפרייונג פון מצרים.

שבת איז אויך אַ זכר ליציאת מצרים, אַ באַפרייונג פון יענער שקלאַפן־אַרבעט וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין זיכרון פון פאָלק.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט״)

**זכר צדיק לברכה** (משלי י, 7)
דער אָנדענק פון צדיק זאָל זיין געבענטשט (אַן אויסדרוק פון כבוד ביים דערמאָנען דעם נאָמען פון אַ פאַרשטאָרבענעם צדיק).
עס שטעלן זיך מיר פאַר די אויגן: ר׳ זישעלע זכר צדיק לברכה...
יעדע זאַך קערט זיך צו איר שורש.
(י. ל. פרץ: חאָס אַ מאָל ווייניקער״)

**זרוק חוטרא לאווירא, אעיקריה קאי** (בראשית רבה נג)
וואַרף אַ שטעקן אין דער לופטן, בלייבט ער שטיין אויף זיין קאָפּ.
יעדע זאַך קערט זיך צו איר שורש.
זרוק חוטרא לאווירא, אעיקריה קאי, האָט אברהם באַשלאָסן:
איין מאָל אַ פאַרבער, אַלע מאָל אַ פאַרבער.
(ש. מילער: „דור המדבר״)

## ח

**חבל על דאבדין (ולא משתכחין)** (סנהדרין קיא)
אַ שאָד די וואָס גייען אַוועק פון אונדז (און ווערן נישט פאַרגעסן).
חבל על דאבדין — געווען אַ מאָל יאָרן, אַי יאָרן!
(ש״ע: „חעלחל גאמבעטא״)

**חבלי יצירה** *
שאַפונג־ווייען.
עס זענען געווען די ערשטע חבלי־יצירה פון אַ שפּראַך, וואָס האָט געדאַרפט נאָך אַ מאָל געבוירן ווערן.
(ר. ברײנין: „פון מיין לעבנסבוך״)

**חבלי לידה** (לויט ישעיה יג, 8) *
געבורט־ווייען.

ער פילט די חבלי־לידה און גלייבט, אַז אַ גרויס געלייטערט וואָרט וועט ער באַלד געבן דעם עולם.

(י. אָפּאַטאָשו : „אין פוילישע וועלדער")

**חבלי משיח, חבלי גאולה**

אויסלייזונג־ווייען.

די וועלט איז פול מיט חבלי־משיח, מיט געבורט־ווייען פון דער גאולה.

(י. י. טרונק : „משיח־געוויטער")

**חבלי קליטה**

פאַרוואָרצלונג־ווייען, די איינגלידערונג־ווייען פון נייע עולים.

וואָס מער בענקשאַפט נאָך נאַציאָנאַלער אינטימיטעט — אַלץ קלענער די חבלי־קליטה.

(י. האָפּער : „נאַציאָנאַלע אינטימיטעט")

**חברים כל ישראל** (תפילה פון ראש־חודש־בענטשן)

אַלע יידן זענען חברים.

חברים כל ישראל, אַלע יידן זענען חברים, אַלע זענען ערוב איינער פאַרן אַנדערן.

(ממ"ס : „אין אַ שטורעמצייט")

**חד בדרא** (כתובות יז)

איינער פון דור, נישטאָ זיינס גלייכן.

אַ חד בדרא איז ער געווען, אַ מין אוניקום וואָס האָט צו זיך נישט קיין גלייכן.

(ז. שזר : „ליכטיקע פערזענלעכקייטן")

**חד במינו**

איינער פון דעם מין. אַן אויסנאַם.

בערטשי וויטקעוויץ האָט מזכה געווען די יידישע ליטעראַטור מיט אַ בוך, וואָס איז דערווייל אַ חד במינו — אַ יהואש־ביבליאָגראַפיע.

(א. א. ראָבאַק : „די אימפּעריע יידיש")

**חד גדיא** (הגדה פון פסח)

איך ציגעלע. פאָלקס־באַצייכענונג פון אַ טורמע (אַ תּפיסה).

דער טאַטע האָט געקויפט אַ ציגעלע מיט יאָרן לאַנג צוריק, און חד־גדיא עס פאַרשפּאַרט, געבונדן אויף אַ שטריק.

(א. מאַנגער)

**חדר מיוחד** *

אַ באַזונדער צימער.

און אַזוי זענען מיר געבליבן זיצן און שמועסן, גוטע צוויי שעה, אין אַ חדר מיוחד פון גרויסן בראַנדייס־אוניווערסיטעט.

(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען")

**חדש ימינו כקדם** (איכה ה, 21)

באַניי אונדזערע טעג אַזוי ווי אַ מאָל. זאָלן צוריקקומען יענע גוטע צייטן.

דער שטורעמווינט וועט זיך איינשטילן, דער הימל וועט זיך אויסלייטערן און עס וועט זיין חדש ימינו כקדם.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**חוזר על הפתחים** (כתובות פרק יג)

גייט איבער די הייזער, קלאַפּט אין די טירן.

דאָס יידישע בוך אין אַמעריקע מוז זיין אַ חוזר על הפתחים, דאָס איז זיין גורל.

(א. מוקדוני: „די גרויסע שפע פון יידישע ביכער")

**חוט המשולש** (קוהלת ד, 12) *

דרייפעדעמדיקע שנור, אַ פאָדעם אין דרייען געדרייט.

אין דער אמתן אָבער איז דער חוט המשולש (מענדעלע, שלום־עליכם, פּרץ) ווייט־ווייט נישט פון איין שטאָף.

(נ. מייזיל: „י. ל. פּרץ")

**חוט השדרה** *

רוקנביין, דער עיקר, דער יסוד.

ס׳מוז יידיש אויסגלייכן די חוט־השדרה להכעיס אירע פייניקער און שענדער.

(א. סוצקעווער: „די גייסטיקע ערד״)

**חוטא בעגל** גערוען

באַגאַנגען אַ שווערן חטא (ווי אַ מאָל די יידן מיטן גאָלדענעם קאַלב).

וואָס זשע האָט איר זיך צוגעטשעפּעט?... וואָס האָב איך חוטא בעגל גערוען?

(י. גלאַטשטיין: „נחמן זייגערמאַכער״)

**חוכא וטלולא** (עירובין סח) *

געלעכטער און אָפּשפּעטעריי.

מיט לאָגיק און שכל איז ער אַרויס אין מלחמה קעגן דעם הומאָר־לאָזן חבר דניאל, כדי אים אויסצולאַכן, מאַכן פון אים חוכא וטלולא אויף די פאַרזאַמלונגען.

(י. י. זינגער: „חבר נחמן״)

**חולה נופל** *

עפּילעפּטיקער, ליידט אויף דער „פאַלנדיקער קרענק״.

דער פּועל מיטן וואַרשטאַט זעען אויס ווי איין גוף, ווי איין חולה נופל, וואָס וואַרפט זיך, שאָקלט זיך און זעצט.

(י. ל. פּרץ: „חאָס אַ מאָל ווייניקער״)

**חולשת־הדעת**

עגמת־נפש, קלעמעניש, געפאַלנקייט־געפיל.

באַפאַלט אים אַ ביסל חולשת־הדעת... סטייטש? ער דער „אורח־חיים״ פילט נישט און יוחנן וואַסער־טרעגער פילט?

(י. ל. פּרץ: „אַ קאַפּיטל תהילים״)

**חולשת־הלב**

האַרצקראַנקייט, אַ שוואַך האַרץ.

ער האָט זיך שטענדיק געקלאָגט אויף חולשת־הלב, אַז עס ציט אים ביים האַרץ.

(י. האָפּער : „ר׳ תנחום״)

**חומר־הדין**

שטרענגקייט פון דין (אָן רחמנות).

[יונה] פאַרדעכטיקט גאָט אין שוואַכקייט, אין נישט וועלן האַנדלען לויטן חומר־הדין, אין זוכן וועגן ווי אַזוי צו פאַרמיידן דעם עונש.

(ח. גרינבערג : „ייד און וועלט״)

**חוץ לדרך הטבע** *

איבערנאַטירלעך, נישט קיין געוויינלעכע זאַך.

דאָ איז עפּעס געשען אַזעלכעס, וואָס איז חוץ לדרך הטבע, טאַקע נאָר אַ נס מן השמים.

(ש״ע : „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט״)

**חוק ולא יעבור** (תהילים קמח, 6) *

אַ געזעץ וואָס מען קאָן נישט ענדערן.

האָט זעלטן געפּלעגט קומען אין זייך באַנק, און נאָר אויף צו געבן קורצע שטילע באַפעלן, וואָס זענען געווען חוק ולא יעבור, אות אין אות.

(מ. ראַוויטש : „דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן״)

**חוקר ודורש** זיין *

גרינטלעך אויספאָרשן.

באַדאַרפן מיר די זאַך חוקר ודורש זיין, דערגרונטעווען ביזן שורש.

(ש״ע : „מנחם מענדל״)

**חוש־הריח** *

גערוך־געפיל ; פעיקייט פון אַרויספילן אַ געשמעקניש.

זיי האָבן עס אפנים דערשנאַפּט... קהל האָט אַ גוטן חוש־הריח.

(י. גלאַטשטיין : „נחמן זייגערמאַכער״)

**חושד בכשרים** (יומא יט) *

חושד זיין אָרנטלעכע און ערלעכע מענטשן.

איך וועל נישט אָנרופן קיין נעמען, ווייל איך וויל נישט זיין קיין חושד בכשרים.

(מ. בורשטין)

**חושך ואפלה** (צפניה א, 15) *

שטאָק־פינצטערניש, געדריקטע שטימונג.

אין שטאָט איז געוואָרן חושך ואפלה, תשעה באב!

(ש״ע : „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט״)

**חטא לא יכופר** (לויט ישעיה ו, 7)

אַ חטא נישט צום פאַרגעבן, אַ שווערע זינד.

דאָס איז אַ חטא לא יכופר פאַר דעם גאַנצן זינען און פאַר דער נשמה פון דער יידישער תורה.

(א. גאָלאָמב : „רבן שמעון ראַבידאָוויטש״)

**חטאות נעורים** (תהילים כה, 7) *

יוגנטזינד.

ער וועט זיך די האָר פון קאָפּ רייסן פאַר זיינע חטאות־נעורים.

(אבא גאָרדין : „משה״)

**חי וקיים** (תפילה פון ימים נוראים) *

„לעבט און איז אייביק״ (גאָט) ; אַ פּראָסטער חי־וקיים — אַ פּראָסטער מענטש ; שריי חי־וקיים — שריי אומזיסט.

וואָס ער קאָן צוקלערן, קאָן טאַקע אַ פּראָסטן חי־וקיים נישט איינפאַלן.

(ז. שניאור)

שריי חי־וקיים, אַז טיר און לאָדן זענען פאַרמאַכט.

(י. ל. פּרץ : „דער הינטישער סדר״)

**חי נושא את עצמו** (שבת צד)

דער לעבעדיקער טראָגט זיך אַליין. ער לעבט אויפן אייגענעם חשבון (אָן הילף פון אַנדערע), האַלט זיך אַליין אויס.

אַ שפּראַך איז נישט קיין חי נושא את עצמו, זי איז נישט קיין יש וואָס קאָן לעבן אין גאַנצן אויפן אייגענעם חשבון.

(ל. לערער: „יידישקייט")

**חיבוט הקבר** *

דאָס פייניקן זיך אין קבר.

ער קומט שוין באַצייטנס אָפּ חיבוט הקבר.

(י. אָפּאַטאָשו: „אין פוילישע וועלדער")

**חיי עולם** (דניאל יב, 2)

דאָס אייביקע לעבן, דאָס רוחניותדיקע לעבן.

עס קאָן נישט זיין אין אמת פאַר חיי־עולם און אַ צווייטער גלייכ־באַרעכטיקטער אמת פאַר חיי־שעה.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**חיי שעה** (שבת לג) *

פאַרגעניגן אויף דערווייל, דאָס געניסן פון עולם־הזה, דאָס גש־מיותדיקע לעבן.

ער ווייסט נישט פון קיין חיי־שעה, און אַלע זיינע יאָרן זענען איין לאַנגע קייט פון מאַטערניש און פּלאָג.

(ממ"ס: „בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה")

**חייך קודמין לחיי חברך** (בבא מציעא סב)

דיין אייגן לעבן איז פריער פון דיין חברס לעבן.

מען האָט געזאָגט: חייך קודמין לחיי חברך נאָר ביי איין קריגל וואַסער, אָבער נישט, אַז איין מענטש זאָל מעגן עסן צו דער זאַט, ווען דעם חבר פעלט ברויט צום עסן.

(נ. שמן: „דאָס געזאַנג פון חסידות")

**חילול הקודש** *

פאַרשוועכונג פון הייליקייט.

דאָס האָט מען מיר פאַררעכנט פאַר אַן אַפּיקורסות, פאַר חילול־הקודש.

(ר. ברײנין: „פון מיין לעבנסבוך")

**חילול השם** (ברכות יט) *

פאַרשוועכונג פון גאָטס נאָמען, דאָס פאַרשעמען דעם נאָמען פון יידן.

פע, אַ חילול השם, מען דאַרף נישט קיין לייטיש געלעכטער.

(י. גלאַטשטיין: „נחמן זייגערמאַכער")

**חילוקי דעות** *

מיינונג־פאַרשידנקייט.

מיר האָבן אויך נישט פאַרטושט די חילוקי־דעות און זיי גאַנץ שאַרף אַרויסגעבראַכט און באַטאָנט.

(א. גלאַנץ־לעיעלעס: „ליטעראַרישע מעמואַרן")

**חיתוך־הדבור** *

דיקציע, אויסשפּראַך.

און עברי האָט ער געזאָגט... אַ חיתוך־הדיבור! אַ וואָרט פאַלט ווי אַ פּערל פון מויל.

(י. ל. פּרץ: „אַן אָפּקומעניש")

**חכם עדיף מנביא** (בבא בתרא יב)

אַ חכם שטייט העכער פון אַ נביא.

אין די צייטן פון תלמוד פאַרנעמט דער תלמיד־חכם אַ גאָר הויכע מדרגה, און די גמרא זאָגט: חכם עדיף מנביא.

(ח. גרינבערג)

**חכמה מפוארה בכלי מכוער** (תענית ז)

פּרעכטיקע חכמה אין אַ מיאוסער כלי. באַצייכענונג פאַר אַ גרויסן חכם, וועלכער איז נישט קיין הדרת־פּנים.

זיין אויסזען האָט אָפּגעשטויסן, אָבער זיין חכמה און חריפות האָבן צוגעצויגן ווי אַ מאַגנעט... חכמה מפוארה בכלי מכוער.

(מ. בורשטין)

**חכמים, הזהרו בדבריכם!** (אבות א, יא)

חכמים, זייט פאַרזיכטיק מיט אייערע ווערטער.

אַ קריטיקער איז נישט קיין טרייבערער, ער דאַרף תמיד געדענקען דעם אָנזאָג: חכמים, הזהרו בדבריכם.

(א. א. ראָבאַק)

**חכמת המסכן בזויה** (קוהלת ט, 16)

די חכמה פון אָרעמאַן איז פאַרמיאוסט (פאַרשעמט).

קיינער דאַרף נישט אונדזער חכמה... חכמת המסכן בזויה!

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט")

**חכמת ישראל**

יידישע חכמה, יידיש וויסן.

דייטש איז ביי אים השכלה, ליכט, משה מענדעלסאָן, חכמת־ישראל.

(י. י. זינגער: „די משפחה קאַרנאָווסקי")

**חלק כחלק** (דברים יח, 8) *

גלייכע חלקים, גלייך אויף גלייך.

וויפל מיר וועלן פאַרדינען, וועלן מיר זיך טיילן אויף דער האַלב, גלייך אויף גלייך, חלק כחלק.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**חלקת לשון**

גלאַטיק צינגל, שיינע רייד.

אויב סנדרל וועט אפשר אין עטלעכע פונקטן זיך איינשפאַרן וועט ער אים מיט גאָטס הילף און מיט זיין חלקת הלשון גובר זיין.

(ממ"ס: „מסעות בנימין השלישי")

**חלשה דעתו** (שבת נא)

ער האָט זיך געערגערט, איז ביי זיך געפאַלן.

אַז משה רבינו האָט אין הימל געהערט די תורה פון ר׳ עקיבא איז חלשה דעתו — ער האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס מען לערנט דאָרט.

(א. גאָלאָמב, „די גאָלדענע קייט״, 29)

**חמור נושא ספרים**

אַן אייזל וואָס טראָגט ביכער. געמיינט: איינער וואָס לייענט אַ סך ביכער, אָבער פאַרשטייט נישט זייער אינהאַלט.

סתם וויסן און נישט קאָנען אַרויסדרינגען עפּעס בייעס, דאָס איז נישט פון די וויכטיקע זאַכן. אַזאַ סתם־וויסער האָט גאָר נישט קיין פיינעם עפּיטעט אין גמרא: חמור נושא ספרים.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק״)

**חנוך לנער על־פּי דרכו** (משלי כב, 6)

דערצי דאָס ייִנגל אויף זיין דרך (אין איינקלאַנג מיט זיינע פיזישע און גייסטיקע כוחות).

דער לערער דאַרף באַזיצן גענוג חכמה און פאַרשטאַנד, כדי אין יעדן פאַל אויסצוקלייבן דעם ריכטיקן וועג, און דאָס איז דער אייגנט־לעכער זין פון פּסוק: חנוך לנער על־פּי דרכו.

(ממ״ס: „אַ בריוו וועגן דערציונג״)

**חסד עליון**

גאָטס גענאָד. געבענטשטער טאַלאַנט.

דער חסד עליון איז נישט קיין פּריווילעגיע פון איין שיכט ייִדן.

(ש. ביקל: „שרייבער פון מיין דור״)

**חסד של אמת** *

אמתער חסד. טאָן עמעצן אַ טובה אָן באַצאָלונג, טאָן עפּעס פאַר אַ געשטאָרבענעם.

מיט די „אויסגעקליבענע שריפטן״ פון לייב ניידוס איז געטאָן געוואָרן אַ קינסטלערישער חסד של אמת אַ ייִדישן דיכטער.

(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען״)

**חסיד שוטה**

אַ נאַרישער חסיד.

די חכמי התלמוד האָבן מיט ביטערקייט געגרעדט וועגן דעם חסיד שוטה... וואָס זעט־צו ווי אַ פרוי טרינקט זיך אין טייך און ער וויל זי נישט ראַטעווען, כדי ער זאָל זי נישט מוזן זען אַ נאַקעטע.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**חסידי אומות העולם** (רמב"ם, הלכות מלכים)

די חסידים פון די אומות העולם. יידנפריינד ביי אַנדערע פעלקער.

דער קעניג איז געווען אַן אוהב ישראל און איינער פון די אמתע חסידי אומות העולם.

(א. מענעס: „אליהו הנביא")

**חסר־דעה** *

אַ מענטש אָן פאַרשטאַנד. אַ נאַר.

קיינער שרייבט נישט קיין בריוו אָן אַן אַדרעס, סיידן אַ חסר־דעה.

(א. מוקדוני: „די גרויסע שפע פון יידישע ביכער")

**חסרון־כיס** (לויט קידושין לב)

נישטאָ קיין געלט אין טאַש.

דער ערגסטער פון אַלע חסרונות איז חסרון־כיס. (פאָקסווערטל)

**חצי שלי וחצי שלך**

אַ העלפט מיר און אַ העלפט דיר. גלייך אויף גלייך.

וויפל ס'וועט זיין, וועט מען זיך טיילן, חצי שלי וחצי שלך.

(ש"ע: „מנחם מענדל")

**חרב פיפיות** (תהילים קמט, 6)

אַ שווערד מיט צוויי שאַרפן.

נאָר אָט דער „איינס־צוויי־דריי [און אַ חופה]" איז מיר אַריין כחרב פיפיות — ווי אַ טעמפּער מעסער אין האַרצן אַריין.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**חרם דרבנו גרשום** *

דער חרם וואָס ר׳ גרשום האָט אַרויסגעגעבן, בעיקר דער פֿאַר־באָט פֿון פּאָליגאַמיע.

עס זענען פֿאַראַן... אָריענטאַלישע עדות וואָס האָבן נישט אָנגע־נומען דעם חרם דרבנו גרשום און זיי פּראַקטיצירן נאָך ווייטער ביז היינט פּאָליגאַמיע.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט״)

**חשבון־הנפש** *

נשמה־חשבון. זעלבסטקריטיק, מאָראַלישער חשבון וועגן די איי־גענע מעשים.

ער (עוזר־העשל) האָט צום ווי פֿלטן מאָל געמאַכט אַ חשבון־הנפש: וואָס האָט ער אויפגעטאָן אין די יאָרן?

(י. באַשעװיס: „די פֿאַמיליע מושקאַט״)

**חשוך־בנים** *

קינדערלאָזער.

געווען איז ער אַן אַלמן און אַ חשוך־בנים, נישט געהאַט קיין איינציק קינד.

(י. ל. פּרץ)

**חתימת־זקן** (בבא מציעא לט) *

צייכן פֿון אַ באָרד. באָרדשפּראָצונג.

אַזאַ יינגל, וואָס האָט קוים אַ חתימת־זקן, וואָס ווייסט ער פֿון וועלטזאַכן?

(מ. י. בערדיטשעווסקי)

**חתן דומה למלך** (פּרקי׳ דרבי אליעזר, פּרק טז)

אַ חתן אויף דער חתונה איז ווי אַ מלך (מען גיט אָפּ כבוד דעם חתן).

אויך דער חתן האָט זיך געפֿילט גאָרנישט דומה למלך, נאָר ווי אַ פֿאַרלוירענע שאָף.

(דער נסתר: „דערציילונגען און עסייען״)

# ט

**טבין ותקילין** (בבא מציעא מד)

גוטע, געוויגענע מטבעות, גוט געלט, מזומן־געלט.
איך האָב טאַקע באַצאָלט דעם שוסטער טבין ותקילין.

(י. האָפּער: „ר׳ תּנחום״)

**טביעות־עין, טביעת־עין** (שבת קיד) *

שאַרף אויג, פעיקייט פון דערקענען אַ מענטש אָדער אַ זאַך.
דעם וואָלד קען ער גוט... נאָר פאַרלאָזן זיך אויף טביעת־עין וועגן „מזרח״ וויל ער נישט. (י. ל. פּרץ: „אַן אַפּקומעניש״)

**טוב אחרית דבר מראשיתו** (קוהלת ז, 8)

בעסער דער סוף פון אַ זאַך איידער איר אָנהייב.
טוב אחרית דבר מראשיתו — אַז דער סוף איז גוט, איז אַלץ גוט.

(פאָלקסווערטל)

**טוב לגבר כי ישא עול בנעוריו** (איכה ג, 27)

גוט איז דעם מאַן, וואָס טראָגט אין זיין יוגנט דעם יאָך (פון אַרבעט).
פּוסט־און־פּאַס קאָנען זיי דאָך נישט אַרומגיין... טוב לגבר כי ישא עול בנעוריו.

מ. סמבטיון: „פּאַרלאָשענער שייטער״)

**טוב שבנחשים — רצוץ את מוחו!** (תנחומא הקדום, מבוא)

דעם בעסטן פון די שלאַנגען — צעשמעטער זיין מוח!
זאָלסט דעם צורר־היהודים נישט גלייבן, קיין שלאַנג טאָר מען נישט געטרויען... טוב שבנחשים, רצוץ את מוחו!

(מ. בורשטין)

**טוב שכן קרוב מאח רחוק** (משלי כז, 10)

בעסער אַ נאָענטער (און גוטער) שכן, איידער אַ וויטער ברודער.

מיין דירה איז נישט קיין גוטע, אָבער אַ שכן האָב איך אַ טייערן און אַ האַרציקן ייִד, און טוב שכן קרוב מאח רחוק.

(ש. ל. ציטראָן)

**טובה מרדות אחת בלבו של אדם יותר מכמה מלקויות** (ברכות ז)

איין חרטה־רעוואָלט אין מענטשנס האַרצן איז בעסער פון זיך לאָזן שלאָגן אַ סך מלקות.

תשובה איז אין תלמוד נישט אַ דרויסנדיקער אַקט, נאָר אַן אינעווייניקסטע טראַנספאָרמאַציע... טובה מרדות אחת בלבו של אדם יותר מכמה מלקויות.

(ח. גרינבערג : „ייִד און וועלט")

**טובים השניים מן האחד** (קוהלת ד, 9)

בעסער צוויי, איידער איינער. שלעכט צו זיין אַן אַ חבר.

אַז מען איז פאַרוואָגלט אין אַ פרעמד אָרט פילט מען זיך גלאָט היימלעכער מיט אַן אייגענעם מענטשן... טובים השניים מן האחד.

(ממ"ס : „בשעת דער מהומה")

**טובל ושרץ בידו** (תענית טז)

ער איז זיך טובל אין וואַסער און האַלט אַ שרץ אין האַנט. — ער שלאָגט זיך על־חטא און זינדיקט ווייטער.

וואָס קומט אַרויס פון גט? ס'איז טובל ושרץ בידו.

(י. באַשעוויס : „די פאַמיליע מושקאַט")

**טובת־הכלל** (לויט ברכות מט)

נוצן פאַר דער געזעלשאַפט.

למאַי גיט מען אים נישט קיין אַרבעט, ער זאָל עפּעס קאָנען טאָן לטובת־הכלל.

(ש"ע : „משוגעים")

**טורא בטורא לא פגע, אנש באנש פגע** (פאָלקסווערטל)

אַ באַרג מיט אַ באַרג טרעפֿן זיך נישט, אַ מענטש מיט אַ מענטשן טרעפֿן זיך.

נישט געזאָרגט, מיר וועלן זיך נאָך זען... טורא בטורא לא פגע, אנש באנש פגע.

(ש. פרוג)

**טלאי על גבי טלאי** (ברכות מג)

אַ לאַטע אויף אַ לאַטע. אין גאַנצן צעריסן.

שוין יאָרן, ווי איך גיי אין די זעלבע שטיוול. זיי זענען שוין טלאי על גבי טלאי, לאַטעס אויף לאַטעס.

(י. האָפּער: „ר׳ תנחום")

**טלטול־הדרך**

רייזע־וואָגלעניש.

טאָקע פֿאַר זיין טובה וועגן האָט עס דער פֿאָטער געהאַט דעם טלטול־הדרך קיין פּינסק.

(א. צייטלין)

**טעות לעולם חוזרת** (חושן משפט רלב)

אַ טעות ווערט תמיד פֿאַרריכט.

די טויער אין קהל־שטיבל האָבן געטענהט, אַז ר׳ משולם האָט אויסגענאַרט דאָס אָרט פֿאַר אַ שיבוש, און טעות לעולם חוזרת.

(י. באַשעוויס: „די פֿאַמיליע מושקאַט")

**טענו חיטין והודה לו בשעורין** (בבא קמא לה)

דער האָט אים געמאָנט ווייץ און יענער האָט אים מודה געווען גערשטן. דער ענטפֿער איז נישט צום ענין.

טענו חיטים והודה לו ב„לאָקשן".

(ש"ע)

**טריף־פּסול**

באַצייכענונג פֿאַר אַ פֿאַרבאָטן ביכל.

אונטער דעם יורה־דעה איז שוין געלעגן אַ טריף־פּסול רחמנא ליצלן, שוין געווען געכאַפּט אין דער מעשה.

(ש. מילער: „דור המדבר")

## י

**יאה עניותא לישראל** (לויט חגיגה ט)

אָרעמקייט (באַשיידן לעבן) איז שיין פֿאַר יידן.

יאה עניותא לישראל — יידישקייט איז אייביקע אָרעמשאַפֿט.

(י. י. טרונק: „משיח־געהיטער")

**יבדל לחיים (ארוכים)**

זאָל ער זיין אָפּגעשיידט צו לאַנגע יאָרן.

איך באַדויער באַזונדער, וואָס עס פֿעלן צווישן די פּאָעטן מאַני לייב ז"ל און חיים גראַדע יבדל לחיים.

(ש. ביקל: „שרייבער פֿון מיין דור")

**יגון ואנחה** *

צער און קלעמעניש, עגמת־נפש.

ער האָט געהאַט דערפֿון בלויז יגון ואנחה, בלויז עגמת־נפש.

(י. קאַטיק)

**יגיע כפיך כי תאכל — אשריך וטוב לך!** (תהלים קכח, 2)

אַז דו וועסט עסן די מי פֿון דיינע הענט — וויל און גוט וועט דיר זיין.

יגיע כפיך כי תאכל — אַז דו וועסט נישט האָרעווען, וועסטו נישט עסן.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

פֿון **יגיעת־כפיים** *

פֿון אַרבעט מיט די אייגענע הענט.

רבי, האָט ער געהעשעט, כ'האָב אַלע מאָל געלעבט פון יגיעת־כפיים.

(י. י. זינגער: „חבר נחמן")

**יגעתי ומצאתי — תאמן** (מגילה ו)

איך האָב זיך באַמיט און געפונען — גלייב!

איז אים דער ראש־ישיבה מודה און ענטפערט אים: יגעתי ומצאתי, תאמין.

(י. ל. פרץ: „מסירת־נפש")

**יד אחת ***

„איין האַנט". שותפות, ברודערשאַפט.

מיר וויל מען נישט געבן קיין שטעלע, אָבער קיינער נישט, ווי אָפּגעמאַכט יד־אחת.

(ש. מילער: „דור המדבר")

**ידו בכול ויד כול בו** (בראשית טז, 12)

ער שלאָגט זיך מיט אַלע, און אַלע שלאָגן זיך מיט אים.

דאָס איז אַ יינגל אַ מחבל... ידו בכול ויד כול בו.

(מ. בורשטין)

**ידו על העליונה**

ער האָט די אויבערהאַנט. ער איז גובר, ער געווינט.

אין יעדער טענה (אין יעדן סכסוך) צווישן אַ בעל־מלאכה מיט אַ הענדלער, איז דער יד פון פועל געווען על עליונה.

(נ. שמן: „דאָס געזאַנג פון חסידות")

**ידוע לכול ***

ס'איז אַלעמען באַוווסט.

ס'איז ידוע לכול, אַז ר' זישעלע איז געווען איינער פון די גדולי הדור.

(י. ל. פרץ)

**ידע שור קונהו** (ישעיה א, 3)

**דער אָקס קען זײַן בעל־הבית.**

ידע שור קונהו — אַ סקאָטינע (אַ בהמה) פֿילט, אַז מען האַלט זי בײַם פֿאַרקויפֿן.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**יהי אור! ויהי אור** (בראשית א, 3)

**זאָל זײַן ליכטיק! און ס'איז געוואָרן ליכטיק.**

בירנבוים האָט נישט געהאַט קיין געדולד. אים האָט זיך געגלוסט, אַז זײַנע פּלענער זאָלן געבן רעזולטאַטן אין אַן אויגנבליק: יהי אור — ויהי אור.

(מ. ראַוויטש: „דאָס מעשה־בוך פֿון מײַן לעבן")

**יהי זכרו ברוך!**

**זאָל זײַן אָנדענק זײַן געבענטשט.**

ווען פּרוג האָט נאָר דאָס אַליין אויפֿגעטאָן, איז אויך ווערט, אַז יהי זכרו ברוך!

(נ. מײַזיל: „איקוף אַלמאַנאַך")

**יהי כבוד חברך חביב עליך כשלך** (אבות ב, י)

**דער כבוד פֿון דײַן חבר זאָל דיר זײַן אַזוי ליב ווי דײַן אײגענער.**

יהי כבוד חברך חביב עליך כשלך — זאָל דער כבוד פֿון דײַן מיטמענטש זײַן בײַ דיר אַזוי ליב און טײַער ווי דײַן אײגענער.

(ש. סאַפּיר: „שלמה מײמון")

**יהי כבוד תלמידך חביב עליך כשלך** (אבות ד, יב)

**זאָל דער כבוד פֿון דײַן תלמיד זײַן דיר אַזוי ליב ווי דײַן אײגענער.**

זאָלסט דעם תלמיד דײַנעם נישט פֿאַרשעמען, אויב ער האָט זיך פֿאַרזינדיקט! דעריבער האָבן אונדזערע חכמים געזאָגט: יהי כבוד תלמידך חביב עליך כשלך.

(ממ"ס: „אַ בריוו וועגן דערציִונג")

**יהי רצון** (ברכות יז)

זאָל זיין דער גוטער ווילן פון גאָט. הלוואי (ערשטע ווערטער פון א תפילה).

ויהי רצון, און זאָל זיין דער גוטער ווילן פון זיין ליבן נאָמען, אַז מיין סטעמפעניו זאָל געפינען לייטזעליקייט אין אייערע אויגן.

(ש״ע : „סטעמפעניו״)

**יהללך זר ולא פיך** (משלי כז, 2)

זאָל דיך יענער לויבן און נישט דו אַליין.

יהללך זר — גוטע סחורה לויבט זיך אַליין.

(ש״ע : „טביה דער מילכיקער״)

**יהרג (ייהרג) ואל יעבור** (רש״י : פסחים כה)

זאָל ער בעסער אומקומען און נישט טאָן די עבירה.

זיך בוקן צו דער פאַרקערפערונג פון טעראָריזם איז ערגער ווי דינען עבודה זרה! אין אַזאַ פאַל איז חל דער יהרג ואל יעבור!

(ש. דובנאָוו, לויט א. שטיינבאַרג)

דער **יודע הכול**

דער אַלצווייסער (גאָט).

דער יודע הכל האָט אפשר געוווסט, אַז דווקא דער וועג פון „גרעסטן גליק״ אין דער משפחה וואָלט געבראַכט ווייסט גאָט וואָס.

(מ. ראַוויטש : „דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן״)

**יודע מחשבות** (פון הקפות)

ער ווייסט דעם מענטשנס געדאַנקען. גאָט.

דער יודע מחשבות ווייסט, אַז ער איז זיך נישט מצער, אפילו ער זאָל דאַרפן דאָס לעצטע קישן פאַרקויפן. (י. עלבערג : „מפטיר יונה״)

**יודע ספר** *

אַ בן־תורה, דער וואָס קאָן לערנען.

קיין יודע ספר בין איך נישט, לערנען לערן איך נישט.

(י. ל. פרץ : „שרה בת־טובים״)

**יודע צדיק נפש בהמתו** (משלי יב, 10)

דער צדיק קען דאָס לעבן פון זיין בהמה.

יודע צדיק נפש בהמתו — נישט טביהס פערד גייט אויף מלחמה.

(ש״ע : „טביה דער מילכיקער״)

**יודעי־ח״ן** *

אויסדערוויילטע (וועלכע קענען די פאַרבאָרגענע חכמה, ח״ן — חכמה נסתרה).

נאָר ווייניקע יודעי־חן האָבן געוווסט, וואָס ס׳טוט זיך אין רבינס הויף.

(י. קאַטיק)

**יום הדין** (פון „ונתנה תוקף״) *

טאָג פון משפט.

דער דאָזיקער עקזאַמען... דאָס איז ביי מיר דער יום הדין.

(ש״ע : אַ „וויגרישנע בילעט״)

**יומא דפגרא** (לויט שבת קכט) *

פרייער טאָג, יום־טוב.

אַ ביסל וואַסער אין אַ יומא דפגרא, אין אַ יום־טוב.

(י. ל. פרץ : „נעילה״)

**יוסיף דעת — יוסיף מכאוב** (קוהלת א, 18)

דער וואָס מערט וויסן, מערט ווייטיק.

און טאַקע, וואָס פאַר אַ נוצן האָבן מיר פון דעם, וואָס מיר האָבן זיך דערוואָרבן אַ סך וויסן? — יוסיף דעת, יוסיף מכאוב!

(ש. סאַפיר : „שלמה מיימון״)

**יוצא דופן** (בכורות מז)

אַנדערש ווי אַלע, אַן אויסנאַם.

אַן עקשן איז יעדער קינסטלער און יעדער — אַ יוצא דופן.

(מ. גראָס־צימערמאַן : „אינטימער ווידעראַנאַנד״)

**יוצא ונכנס**

אַן איינגייער.

ער איז אַ יוצא ונכנס אין הויף.

(י. ל. פרץ)

**יוצא מן הכלל** (לויט פסחים יז) *

אַן אויסנאַם.

באַר איינער פון זיי, א. מ. דיק, איז געווען אַ יוצא מן הכלל. ער האָט געפרווט צו גיין זיין אייגענעם וועג און צו ווירקן טאַקע אויפן המון.

(ד״ר קאַנטאָר)

**יושב אוהל** (בראשית כה, 28) *

געצעלט־זיצער, שטובזיצער. דער וואָס זיצט און לערנט.

זיי זענען געווען מער יושבי־אוהל, שטובזיצער און פאַמיליע־מענטשן.

(נ. מייזיל: „י. ל. פרץ״)

**יותר ממה שהעגל רוצה לינוק, הפרה רוצה להניק** (פסחים קיב)

מער ווי דאָס קעלבל וויל זייגן, וויל די קו עס אָנזייגן (דער געלערנטער וויל פאַרשפרייטן זיינע אידעען).

שרייבן שרייב איך אומזיסט אָדער כמעט אומזיסט... אין הסכם מיטן גמרא־ווערטל, אַז יותר ממה שהעגל רוצה לינוק, הפרה רוצה להניק.

(י. ראַפּאָפּאָרט: „זוימען אין ווינט״)

**יותר משהאיש רוצה לישא, אישה רוצה להינשא** (יבמות קיג)

מער ווי דער מאַן וויל נעמען אַ ווייב, וויל די פרוי חתונה האָבן.

יותר משהאיש רוצה לישא, אישה רוצה להינשא... נו יאָ, געיעג פון איר נאָך אים אויך... זי פאַנגט אים מיט איר אויגנקוק, געדרוך, באַריר.

(ש. מילער: „דור המדבר״)

**יחיד במינו**

איינער פון זיין מין. אַ זעלטענער.

צוואַנציק יאָר פאָרשונג אויף אַ געביט וואָס איז אַ יחיד במינו — יידישע מאַכלים.

(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען")

**יחידי־סגולה** *

אויסדערוויילטע מענטשן.

אייער תורה, רבי, איז נאָר פאַר יחידי־סגולה, פאָר למדנים, נישט פאָר כל ישראל.

(י. ל. פרץ: „צווישן צוויי בערג")

**ילוד־אשה** (איוב יד, 1) *

מענטשנקינד.

נאָר מיט איין תנאי, אַז קיין ילוד־אישה זאָל דערפון נישט וויסן.

(ש. אַש: „דער תהילים־ייד")

**ילמדנו רבנו**

לערן אונדז, לערער, מאַך אונדז קלאָר דעם ענין.

דאָס בוך האָלט כסדר אין פרעגן אין אַ טאָן פון „ילמדנו רבנו", אדרבא זאָגט מיר, מאַכט מיר קלאָר.

(אַבאַ גאָרדין: „געשטאַלטן און אינטערוויוען")

**ים הקרח**

אייז־ים, פאַרגליווערטער ים.

וועסט קומען אויף יענער וועלט וועסטו זיך דאַרפן באָדן אין ים־הקרח, זיך קוליען אין הורבעס שניי.

(ש. מילער: „דור המדבר")

**ים התלמוד**

די גרויסע תלמודישע ליטעראַטור.

אברהם האָט זיך געלערנט שווימען אין ים־התלמוד... קומט גאָר

אַ גרויסע כוואַליע, איז אײַנגעגורעט דעם קאָפּ, אַ קנײטש דעם שטערן — און אַרויסגעשווומען.

(ש. מילער: „דור המדבר״)

**ימות המשיח** (ברכות לד)

משיחס צײַטן.

די אגדתא וואַרט אויף די ימות־המשיח, ווען זי וועט קאָנען זיך פאַרגינען צו שילדערן דעם אויפקום פון פאָלק און זײַן טריומף.

(אַבאַ גאָרדין: „מאָראַל אין יידישן לעבן״)

**ימח שמו וזכרו** (דברים כט, 19) *

אָפּגעמעקט זאָל ווערן זײַן נאָמען און זײַן אָנדענק.

דער ימח שמו, ווי ער האָט עס דערהערט, איז אים די שמחה געוואָרן געשטערט. (י. ל. פּרץ: „מאָניש״)

**ימים נוראים** *

פאָרכטיקע טעג. די טעג פון ראש־השנה און יום־כיפור.

געוועזן אויף ימים נוראים [אין שטאָט]... מען גייט אַרויס פון דאַווענען, איז „אַ גוט־יום־טוב״, „לשנה־טובה״. מ׳פילט אַז מ׳איז אַ ייד.

(ש. מילער: „דור המדבר״)

**יסורים של אהבה** *

יסורים פון ליבשאַפט.

דו דערהייבסט אונדזער פּלאָגעניש צו דער הויכער מדרגה פון יסורים של אהבה.

(ש. אַש: „דער תהילים־ייד״)

**יעבור עלי מה** (איוב יג, 13)

זאָל קומען אויף מיר וואָס ס׳וויל. זאָל זײַן וואָס ס׳וועט זײַן.

אַצינד וועל איך אים זאָגן: יעבור עלי מה! און ער נעמט און לייגט אַוועק... אַ מענה־לשון.

(ש״ע: „לשנה טובה״)

**יפה־תואר** (בראשית לט, 6) *

אַ גאָר שײנער מענטש.

ער איז געװען אַ יפה־תואר פון אַ מאַנסביל: הויך און שלאַנק װי אַ יונגער טײטלבוים.

(י. י. טרונק: „משיח־געװיסער")

**יפה תלמוד תורה עם דרך־ארץ** (אבות ב, ב)

גוט איז לערנען תורה צוזאַמען מיט דרך־ארץ, גוט איז תורה מיט אַרבעט.

זאָגט דאָך רבן גמליאל אין אבות: יפה תורה עם דרך־ארץ, ס׳איז גוט תורה מיט אַרבעט.

(י. האָפּער: „ר׳ תנחום")

**יפיותו של יפת יהא באהלי שם** (מגילה ט)

די שײנקײט פון יפת זאָל זײן אין שם׳ס געצעלטן. די עסטעטישע װערטן פון נישט־ײדן זאָלן זײן אין ײדישע געצעלטן.

װי הויך ײדן פון דער תלמודישער עפּאָכע האָבן געשאַצט געװיסע גײסטיקע אײגנשאַפטן פון פרעמדע פעלקער, קאָן מען זען פון דעם [מאמר:] יפיות של יפת יהא באהלי שם.

(ח. גרינבערג: „ייד און װעלט")

**יפת־תואר** (בראשית כט, 17) *

אַ שײנע פרוי, אַ גרױסע שײנהײט.

זי האָט גאָרנישט געהאַט אין זיך פון די גרױסע יפת־תוארס: נישט זײער אָנזעעװדיקײט, נישט זײער געשטעל און גאַנג.

(י. י. זינגער: „די משפחה קאַרנאָװסקי")

**יפתח בדורו כשמואל בדורו** (ראש־השנה כה)

יפתח אין זײן דור איז געװען אַזױ חשוב װי שמואל אין זײן דור.

װי עס שטײט: איז יפתח בדורו כשמואל בדורו — יעדער דור מיט זײן תורה איז גלײכװערטיק.

(א. גאָלאָמב: „אײביקע װעגן פון אײביקן פאָלק")

**יצא מדעתו** *

ער איז אַראָפּ פון זינען.

דער מענטש איז יצא מדעתו געוואָרן, אין מרה־שחורה אַריינגע־פאַלן. **(י. ל. פרץ)**

**יצאה נשמתו** (תענית כא)

די נשמה איז אים אויסגעגאַנגען, ער איז געשטאָרבן.

מען רעדט עסק, קומט זי צו גיין מיט איר זיידן, וואָס יצאה נשמתו בגלעזל...

**(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")**

**יציאת מצרים** (הגדה פון פסח) *

דאָס אַרויסגיין פון מצרים.

היינט איז יום־טוב, יציאת מצרים, פאַרשטייסט? טרויערן טאָר מען נישט.

**(י. ל. פרץ: „דער קונצנמאַכער")**

**יציאת נשמה** *

דאָס אויסגיין, דאָס שטאַרבן.

ווען ס'האָט שוין געהאַלטן גאָר שמאָל, ביי יציאת־נשמה, איז שפרה לאה געלאָפן ברענגען דעם רופא.

**(י. באַשעוויס: „דער צוריקגעשריגענער")**

**יצר הרע** (ברכות ס) *

שטן, פאַרפירער, חשק צו פאַרבאָטענע זאַכן.

מיטן יצר־הרע, אַז ער כאַפּט זיך אַריין, מוז מען שטאַרק מלחמה האַלטן.

**(י. ל. פרץ: „אַראָפּגעלאָזטע אויגן")**

**יצר־טוב, יצר הטוב** (ברכות ס)

גוטער מלאך, וועלכער האַלט אָפּ דעם מענטש פון טאָן שלעכטס; חשק צו טאָן גוטע מעשים.

— מאַך „שהחיינו״, זאָגט צו מיר דער יצר־טוב — „שהחיינו״ איז אַ מצווה.

(ש״ע: „די פאָן״)

**יצר לב האדם רע מנעוריו** (בראשית ח, 21)

דער יצר פון מענטש איז שלעכט פון זיין יוגנט אָן.

אַז ווי באַלד יצר לב האדם רע מנעוריו... טאָ ווי־נאָך זאָל דער מענטש נישט זינדיקן?

(י. אַפּאַטאָשו: „אין פוילישע וועלדער״)

**יצרו של אדם מתחדש בכל יום** (סוכה נב)

דעם מענטשנס יצר־הרע ווערט ווי אויף ס׳ניי געבוירן יעדן טאָג.

יצרו של אדם מתחדש בכל יום... און יעדן טאָג, הייסט עס, מוז מען שטיין קעגן אים אויף דער וואַך.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט״)

**יקוב הדין את ההר** (סנהדרין ו)

זאָל דער דין דורכלעכערן דעם באַרג. מען דאַרף אָן רחמנות אָנווענדן דאָס געזעץ.

דער רב איז געווען אַ גרויסער מחמיר... יקוב הדין את ההר... דין ווייסט נישט פון רחמנות.

(מ. בורשטין)

**יקר המציאות** *

אַ זעלטענע זאַך, אַן אַנטיק.

ער האָט ליב צו רעדן וועגן זיינע יקר־המציאותן, דערציילן די געשיכטע פון יעדן ספר אָדער כתב־יד.

(י. י. זינגער: „די משפחה קאַרנאָווסקי״)

**ירא שמים** *

אַ פרומער ייד.

מיר זעען פאַר זיך אַ ייד אַ ייִרא־שמים, וואָס האָט קיין מורא נישט פאַר דער וועלט.

(מ. גראָס־צימערמאַן: „אינטימער ווידעראַנאַנד")

**יראת הכבוד ***

ערפורכט, פאַרהערלעכונג.

אָבער דער דאָזיקער ייִראת־הכבוד פאַר פּרצס שטראַלנדיקער פּערזענלעכקייט איז לחלוטין נישט געוועזן קיין סתירה צו מיין קריטישער שטעלונג.

(מ. גראָס־צימערמאַן: „אינטימער ווידעראַנאַנד")

**יראת שמים**

פרומקייט.

די וועלט פּלעגט זאָגן: ביי ר׳ מענדעלען ליגט דער שליסל צום אוצר פון פּרנסה, ביי ר׳ אורין — פון ייִראת־שמים.

(ב. האַגער: „מלכות חסידות")

**ירושלים של מעלה**

ירושלים פון אויבן, גייסטיקע ירושלים.

די בענקשאַפט נאָך ארץ־ישראל איז אויך געווען שטענדיק פאַר־בונדן מיט אַ בענקשאַפט... נאָך אמתער משיחיות, נאָך ירושלים של מעלה.

(ה. לייוויק: „עסייען און רעדעס")

**יש אומרים ***

פאַראַן אַזעלכע וואָס זאָגן, ס׳איז דאָ אַ מיינונג.

פאַראַן אַ יש אומרים, אַז ער האָט זיך אויסגעדרייט פונעם תלינס הענט דורך אַ המצאה.

(ש״ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

**יש מאין** (ר׳ אברהם בן עזרא, בראשית א) *

אַ יש (אַ וועזן) פון גאָרנישט.

וועלטלעכע יידישקייט איז נישט קיין נייע באַשעפעניש וואָס איז אַרויסגעשפּרונגען פון גאָרנישט, אַ יש מאין.

(א. גאָלאָמב: „ישראל ואורייתא")

**יש קונה עולמו בשעה אחת** (עבודה זרה י)

פאַראַן אַ מענטש, וואָס קויפט זיך אייביקייט אין איין שעה.

אפילו אַ ייִד אַ גילוח קאָן זיין אַ קונה עולמו בשעה אחת, קאָן זיך מיט איין אַזאַ מצווה אָפּקויפן עולם הבא.

(י. האָפּער: „ר' תנחום")

**ישוב־הדעת**

באַטראַכטונג, באַקלערונג, איבערלייגונג.

איך האָב לאַנג געהאַט אַ ישוב־הדעת מיט זיך, צי איך זאָל דערציילן מיין ביסל פּערזענלעכע זכרונות וועגן נאָמבערגן.

(י. באָטאָשאַנסקי: „פּשט")

**ישיבת כרכים קשה** (כתובות קי)

שווער צו וווינען אין גרויסע שטעט.

פון דרויסן האָט זיך אַריינגעריסן אַ קלינגען פון טראַמוויי, דאָס קלאַפּן פון פורן... ר' דן האָט ערשט איצט באַנומען דעם מיין פון דער גמרא: ישיבת כרכים קשה.

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט")

**ישפוט תבל בצדק** (תהילים ט, 9)

גאָט וועט משפטן די וועלט מיט גערעכטיקייט.

אַזאַ אייביקע שנור פון אונדזער געשיכטע איז דער אַלטער „ישפוט תבל בצדק", וואָס ציט זיך ביי אונדז פון אברהם אבינו מיט זיין תפילה פאַר סדום... דורך די טענות פון די נביאים, דורך די אגדות פון תלמוד און ביז פּרצס „בערל שניידער".

(א. גאָלאָמב: „ישראל ואורייתא")

**ישראל אף־על־פי שחטא ישראל הוא** (סנהדרין מד)

אויב אפילו אַ ייִד זינדיקט, בלייבט ער פאָרט אַ ייִד.

ישראל אף־על־פי שחטא ישראל הוא — אַ ייד בלייבט תמיד אַ ייד.

(ל. לפרער : „יידישקייט")

**ישראל ואוריתא חד הוא** (לויט זוהר, אחרי)

יידן און תורה זענען איינס (נישט אָפּצוטיילן).

די קבלה לערנט אונדז, אַז ישראל ואורייתא — יידיש פאָלק און תורה איז איינס.

(א. גאָלאָמב : „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

**ישראל סבא** (בראשית רבה עד)

דער אַלטער ישראל. געמיינט : דאָס יידישע פאָלק.

ווען יידישער כבוד ווערט געטראָטן... איז דאָך וויכטיק צו באַווייזן, אַז ישראל סבא, דאָס אַלטע פאָלק יידן, האָט עפּעס געגעבן דער מענטשהייט.

(נ. מייזיל : „שלום אַש")

**כ**

**כאדם העושה בתוך שלו** (לויט בבא בתרא כא)

ווי אַ מענטש וואָס טוט ביי זיך (אין זיין אייגן ווינקל).

מישט ער זיך דאָרט ווי אַן אייגענער, כאדם העושה בתוך שלו.

(מ. שטריגלער)

**כאור הבוקר** *

באַגינען, ווי ס'איז טאָג געוואָרן.

אין דאָרף האָבן זיי איבערגענעכטיקט, און אויף מאָרגן האָט זיך פישל געפעדערט כאור הבוקר.

(ש"ע : „אויף פסח אַהיים")

**כאחד האדם** *

ווי יעדער מענטש, ווי יעדער איינער.

אינעווייניק, רבי, ציטערט! די נשמה איז אין די קנעכל, נאָר בערל שניידער דרייט זיך אויס און גייט אַנטקעגן כאחד האדם.

(י. ל. פרץ: „בערל דער שניידער")

**כאחד הריקים** *

ווי אײנער פון די הפקר־מענטשן.

ער האָט געשאָלטן און געזידלט כאחד הריקים.

(י. האָפער: „ר' זלמן")

**כאכילתכם כך תורתכם**

ווי איר עסט, אַזוי לערנט איר.

אַז ער קאָן עסן — דאָס זע איך, אָבער איך וויל זען צי ס'איז כאכילתכם כך תורתכם.

(י. האָפער: „ר' זלמן")

**כאמה בתה** (יחזקאל טז, 44)

ווי די מוטער, אַזוי איז די טאָכטער, די טאָכטער געראָט אַריין אין דער מוטער.

כאמה בתה — דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פון ביימעלע.

(מ. בורשטין)

**כאן מצא בעל־חוב מקום לגבות חובו** (בראשית רבה ה)

דאָ האָט דער בעל־חוב (דער בעל־הבית) געפונען אַן אָרט אָפּצונעמען זיין חוב.

איצט איז געקומען דער ריכטיקער שעת־הכושר... כאן מצא בעל־חוב מקום לגבות חובו... ער וועט אויפמאָנען ביי איר פאַר אַלע דערנידעריקונגען.

(י. האָפער: „ר' תנחום")

**כאשר אבדתי — אבדתי!** (מגילת אסתר ד, 16)

איך בין שוין סיי ווי סיי פאַרלוירן, איך האָב שוין נישט מער וואָס איבערצופירן.

נו, טביה, כאשר אבדתי — אבדתי... מעגסט זיך שוין געזעגענען מיט די עטלעכע גראָשנס.

(ש״ע : „טביה דער מילכיקער״)

**כבד־פה** (שמות ד, 10)

שטאַמלדיקער, שווער־רעדנדיקער.

ביי דער מעשה האָט זיך... ווילוולס כבד־פה־צונג אַ ביסל מער צעבונדן.

(ש. ביקל : „דריי ברידער זענען מיר געווען״)

**כבדהו וחשדהו** (דרך־ארץ רבה ה)

גיב אים אָפּ כבוד און זיי אים חושד. האַלט אים ערלעך און היט זיך פאַר אים.

אין דעם תוך פון אַ מענטש איז נישט אַזוי לייכט צו דערקענען... כבדהו וחשדהו.

(י. ל. פרץ : „מסירת נפש״)

**כבודו במקומו מונח** (לויט בכורות ל)

דער כבוד זיינער בלייבט אויפן אָרט, דער כבוד זיינער ווערט נישט געמינערט. נישטאָ קיין כוונה אים פוגע בכבוד זיין, אָבער מיר זענען מיט אים נישט מסכים.

זיין היסטאָרישער כבוד במקומו מונח..., אָבער וואָס קער זיך אָן יהושעס פאַרדינטער פּלאַץ אין יידישן היסטאָרישן פּאַנטעאָן מיט אונדזער פאָלקס־באַוווסטזיין היינט?

(ח. גרינבערג)

**כבשת הרש** (שמואל־ב יב, 4)

דעם אָרעמאַנס שעפעלע. דאָס איינציקע און טייערסטע וואָס דער אָרעמאַן פאַרמאָגט.

ווילן זיי, די רשעים, דאַרטן אָט די לעצטע האָפענונג ביי אונדז אויך אָפּרויבן... די כבשת הרש אונדזערע איז זיי אויך גרויס אין די אויגן.

(מ. אפרתי : „אַ מינוט פאַר דער שקיעה״)

**כדרך העולם**

**ווי דער שטייגער פון דער וועלט, ווי עס איז אָנגענומען אין דער וועלט.**

(נ. ברוסילאָוו: „הא לחמא עניא")

**כדרכו בקודש** (תהילים עז, 14)

**ווי ער פירט זיך ביי אַ הייליקער אַרבעט, ווי זיין מנהג איז תמיד.**

**ער האָט זיך נישט געאיילט ביים שרייבן, האָט געטאָקט יעדעס וואָרט, געשליפן יעדן זאַץ כדרכו בקודש, ווי זיין מנהג איז געווען.**

(ש. ניגער)

**כדת וכדין** (מגילת אסתר ד, 11)

**ווי עס באַדאַרף צו זיין.**

**יידן האָבן צוגעגרייט דעם פסח כדת וכדין.**

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט")

**כדת משה וישראל** (ברכה פון מקדש זיין אַ ווייב) *

**לויטן יידישן דין.**

**האָט זי מיט אים עולה געווען קיין ארץ־ישראל און חתונה געהאַט כדת משה וישראל.** (ש. י. עגנון: „ולא נכשל")

**כה לחי!** (לויט שמואל־א כה, 6)

**הלוואי זאָלסטו מצליח זיין אין דיין גאַנצן לעבן (אַ ווונטש ביי אַ פייערונג).**

**און זיי שיקן דורך מיר אַ ברכה צו דיין יום־טוב: כה לחי!**

(ש. ביקל)

**כהאי לישנא** *

**מיט דעם לשון, מיט די ווערטער.**

**און רופט זיך אָן צו מיר כהאי לישנא: זעסטו אָט די תליה?**

(ש"ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

**בהרף עין** (ירושלמי, ברכות א) *

אין אויגנבליק.

גיט ער דעם צווייטן פייף, ווערט דאָס אַלץ כהרף עין פאַרשוווּנדן.

(י. ל. פּרץ: „דער קונצנמאַכער")

**כוח הדיבור** *

רעדנער־טאַלאַנט, אַ שטאַרק מויל.

באַזונדער ליב האָט מען אים פאַר זיין כוח־הדיבור... דער עולם אַ פאַרשיכורטער טרינקט די ווערטער.

(ב. האַגער: „מלכות חסידות")

**כוח־המושך** *

צוציונג־כוח, מאַגנעטישע קראַפט.

אין זיין דערציילן איז געלעגן אַ טאַלאַנט, אַ כוח־המושך וואָס האָט צוגעצויגן. (ש"ע)

**כוח־יצירה**

שאַפונג־כוח, שעפערישער טאַלאַנט.

אין דער אתה־בחרתנו־קאָנצעפּציע האָט מען צו טאָן... נאָר מיט שעפערישקייט, מיט כוח־יצירה.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**כוחא דהיתרא עדיף (כוח של היתר עדיף)** (ביצה ב)

דער כוח פון מתיר זיין אַ זאַך איז שטאַרקער.

אַ גאַנץ יאָר איז כוחא דהיתרא עדיף — כשר און כשר... און פסח — אַלץ טריף!

(י. ל. פּרץ: „וואָס אַ מאָל ווייניקער")

**כוחי ועוצם ידי** (דברים ח, 17)

מיין כוח און מאַכט (האָט דאָס אויפגעטאָן).

ער מוז זיך אָנבלאָזן און זאָגן: כוחי ועוצם ידי, ווי דען?

(י. ל. פּרץ: „חסידיש")

**כולו זכאי •**

אין גאַנצן אַ גערעכטער, אין גאַנצן אַ גוטער.

ווי אין אַ דור וואָס איז כולו זכאי, ווי אין אַ דור ווען מענטשן טוען גאָטס געבאָט.

(א. ליס: „משה סטאַווסקי")

**כולו חייב •**

אין גאַנצן שולדיק, אין גאַנצן שלעכט.

די גאולה קאָן נישט קומען אין אַ וועלט אָן „אויסוווּרף", אין אַ וועלט וואָס איז כולו חייב.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**כולו מוקשה •**

אין גאַנצן געהאַרטעוועט (געשטאָלט).

אַ מענטש דאַרף זיין כולו מוקשה — שטאָל־און־אייזן, כאָטש מויערן דורכצוברעכן.

(י. ל. פרץ)

**כולו שבת**

אין גאַנצן שבת, אייביק שבת.

דער חלום פון כולו שבת וועט געחלומט ווערן נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, ביז דער אמתער כולו שבת וועט אַנטשטיין אויף דער וועלט.

(ה. לייוויק: „עסייען און רעדעס")

**כולנו חכמים כולנו נבונים** (הגדה פון פסח)

אַלע זענען מיר קלוגע און פאַרשטענדיקע.

ס'טאָר אין דער קריטיק זיך נישט אַריינגנבענען דער באַנקעט אָדער הספד־טאָן פון כולנו חכמים כולנו נבונים.

(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען")

**כוס התרעלה** (ישעיה נא, 17)

אַ בעכער מיט סם. געמיינט: גרויסע צרות.

באַפּוילן אויסטרינקען דעם כוס התרעלה עד תמה.
(א. ראַזין, „די גאָלדענע קייט", 18)

**כוס של ברכה** (לויט סוטה לח)

אַ בעכער פול מיט ווײַן (צו מאַכן אַ ברכה. בדרך־משל: עשירות און גליק.

זי (די אַריסטאָקראַטיע) שענקט אַוועק אַ פּאָר טראָפּנס פון איר כוס־של־ברכה, וועלכער גיסט זיך איבער.
(א. גאָרדין: „די יסודות פון דער געזעלשאַפט")

**כופין אותו עד שיאמר: רוצה אני** (ראש־השנה ו)

מען בייט אים ביז ער איז מסכים.

כופין אותו עד שיאמר רוצה אני — מיינט מען דעם יצר־הרע... אַז מען פאַרצוימט דעם יצר דאָס מויל, בלייבט ער שטום.
(י. באַשעװיס: „די עצה")

**כופר בעיקר** (סוטה ד) *

ער לייקנט אין עיקר. לייקנט אין גאָט.

זיי האָבן עס צעלייגט אויף טעלערלעך און נחמן איז שוין ביי זיי געוואָרן אַ כופר בעיקר. (י. גלאַטשטיין: „נחמן זייגערמאַכער")

**כזה ראה וקדש** (רש"י: שמות יב, 2)

אַזוי זע און זײַ מקדש. טו גענוי ווי מען הייסט דיר.

דערנאָך וועל איך זאָגן די העברעישע שרייבער: כזה ראה וקדש! אַזוי דאַרף מען שרייבן!
(דניאל לייבל: „ביאַליק שבעל־פה")

**כחוט השערה** (סוטה נב)

ווי אַ האָר. עטוואָס.

ס׳איז גענוג, אַז אַ מענטש זאָל אַראָפּ כחוט־השערה פון גלייכן וועג.
(דניאל לייבל: „ביאַליק שבעל־פה")

**כחול הים** (הושע ב, 1) *

ווי זאַמד אויפֿן ברעג ים. זייער אַ סך.

אַ ביסעלע, אַ הייפֿנדל קעגן מחנות כחול הים.

(י. ל. פרץ: „אַ יונגן שרייבערס חנוכּה")

**כּחומר ביד היוצר** (ירמיה יח, 6)

ווי ליים אין דער האַנט פֿון טעפּער, ווי שטאָף אין דער האַנט פֿון שעפֿער (וועלכער פֿורעמט לויט זיין ווילן).

רבונו של עולם! מיר זענען אין דײַן האַנט כחומר ביד היוצר.

(ה. צייטלין: „חסידות")

**כחרס הנשבר** (פֿון „ונתנה תוקף")

ווי אַ צעבראָכן שערבל.

וועט מיך אַרויסוואַרפֿן כחרס הנשבר.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**כּי האדם עץ השדה** (דברים כ, 19)

ווייל דער מענטש איז ווי דער בוים פֿון פֿעלד.

עס איז נישט נאָר כּי האדם עץ השדה... נאָר עס איז כּי העם עץ השדה — אַ פֿאָלק איז געגליכן צו אַ בוים.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פֿון אייביקן פֿאָלק")

**כּי מציון תצא תורה** (ישעיה ב, 3)

ווייל פֿון ציון וועט אַרויסגיין די תורה (פֿאַר אַלע פֿעלקער).

כּי מציון תורה — נייע און דערהויבענע קולטורווערטן וועלן נאָך אין דער צוקונפֿט דאָ געשאַפֿן ווערן.

(ח. גרינבערג: „ייִד און וועלט")

**כּיבוד אב ואם** (פּאה פּרק א) *

דאָס אָפּגעבן כבוד דעם פֿאָטער און דער מוטער, טייער האַלטן טאַטע־מאַמע.

[דיין ווייב] האַלט זיך מיט דרך־ארץ, היט אָפּ דעם כיבוד אב ואם.

(י. האָפּער: „ר׳ תנחום״)

**כיד המלך** (מגילת אסתר א, 7) *

מיט אַ קעניגלעכער (ברייטער) האַנט. אויפן רייכסטן אופן.

כל זמן דער פאָטער עליו השלום האָט נאָך געלעבט... איז געווען אַ דירה, און צו עסן, און צו טרינקען, טאַקע כיד המלך.

(י. ל. פּרץ: „דעם רבינס ציביק״)

**כיוון דדש — דש** (גיטין נו)

אַזוי ווי ער האָט געדראָשן, דרעשט ער ווייטער. ער טוט עס שוין פון געוווינהייט.

די קרעטשמע איז אים פּאַרמיאוסט, אַ ביטער שטיקל ברויט, און דאָך האַלט ער זי... כיוון דדש — דש.

(י. קאָטיק)

**כיסא הכבוד** (יומא פו) *

דערהויבענע שטול, ערנטראָן (אין הימל).

ביים כסא־הכבוד האָט מען ליב נישט די פיין געבוירענע, נאָר די אויפגעקומענע.

(י. ל. פּרץ: „דריי מתנות״)

**כיסא הרחמים** (ויקרא רבה כט) *

דערבאַרעמקייט־שטול, גאָטס שטול.

לויפט, קינדערלעך, און בעט ביים כסא־הרחמים פאַר אייער מאַמען.

(ש. אַש)

**כך הווה** *

אַזוי איז געווען.

און כך הווה: מיין ייד האָט זיך שוין נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָט זיך אַזש צעלאַכט פאַר צרות.

(ש"ע: „אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט")

**כך דרכו של העולם**

אַזוי איז דער שטייגער פון דער וועלט.

כך דרכו של העולם... דער זאַטער גלייבט נישט דעם הונגעריקן.

(דער נסתר)

**ככה ייעשה לאיש...** (מגילת אסתר ו, 11)

אַזוי ווערט געטאָן צום מענטש... אַזוי באַגייט מען זיך מיט דעם...

ככה יעשה לאיש — אַזאַ גדולה איז באַשערט דעם, וואָס איז נושא חן אין די הויכע פעטערבורגער פענצטער.

(ממ"ס: „צוריק אַהיים")

**ככל משפטו וחוקתו** (הגדה פון פסח)

לויטן דין און געזעץ. ווי עס באַדאַרף צו זיין (מיט אַלע „פיטשעווקעס").

די קאָזאַקן האָבן שוין געטאָן זייער אַרבעט, אָפּגעריכט דעם סדר פון פּאָגראָם ככל משפטו וחוקתו, מיט אויפּטרענען דאָס בעטגעוואַנט, מיט צעשפּרייטן די פעדערן.

(ש"ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

**כל אדם שאין לו אישה אינו אדם** (יבמות סג)

דער וואָס האָט נישט קיין ווייב, איז נישט קיין מענטש.

די גמרא זאָגט: כל יהודי שאין לו אישה אינו אדם... אָבער אים, תנחומען, האָט גראָד דאָס ווייב געמאַכט אויס מענטש.

(י. האָפּער: „ר' תנחום")

**כל דאלים גבר** (בבא בתרא לד)

דער שטאַרקער פירט אויס.

אויב אַלץ איז הפקר, איז כל דאלים גבר.

(י. באַשעװיס : „די פאַמיליע מושקאַט")

**כל דבר אסור** *

אַלץ וואָס מען טאָר נישט. אַל דאָס שלעכטס.

בעת די חסידישע מעשה האָט דערציילט וועגן די רביים ניסים ונפלאות... האָבן די משכילים, פאַרקערט, דערציילט וועגן זיי כל דבר אסור.

(ש. ניגער : „דערציילער און ראָמאַניסטן")

**כל דכפין**

ווער עס וויל.

אויפן טיש די טאַבאַקערקע לאָזט ער אָפן, און כל דכפין — שמעק דיר.

(א. שטיינבאַרג : „רב מייזל־מיזל")

**כל דכפין ייתי וייכל (מי שרעב יבוא ויאכל)** (הגדה פון פסח) *

ווער עס איז הונגעריק, זאָל קומען עסן.

טיר און טויער שטייען אָפן... יידן זאָגן : כל דכפין ייתי וייכול.

(י. ל. פרץ : „דער קונצנמאַכער")

**כל דעבד רחמנא לטב עבד (כל מה שעושה אלוהים לטוב עושה)** (ברכות ס)

אַלץ וואָס גאָט מאַכט איז צום גוטן.

מען דאַרף זיין צופרידן מיט אַלץ וואָס עס פּאַסירט דעם מענטש... כל מה דעביד רחמנא לטב עביד.

(נ. שמן : „דאָס געזאַנג פון חסידות")

**כל האדם כוזב** (תהילים קטז, 12)

אַלע מענטשן זענען פאַלש.

כל האדם כוזב — נישטאָ קיין אמת אויף דער וועלט.

(ש"ע : „טביה דער מילכיקער")

**כל הבורח מן הכבוד — הכבוד רודף אחריו** (תנחומא ויקרא)

כבוד גייט צו דעם מענטש, וואָס אַנטלויפט פון אים.

כל הבורח מפני הכבוד — ווער עס אַנטלויפט פון כבוד, איז הכבוד רודף אחריו — יאָגט אים דער כבוד נאָך פון הינטן און בעט זיך ביי אים: שוטה, וואָס אַנטלויפסטו?

(ש״ע: „כתרילעווקער פראָגרעס״)

**כל הגדול מחברו, יצרו גדול הימנו** (סוכה נב)

**ווער ס׳איז גרעסער פון אַנדערן, איז זיין יצר־הרע אויך גרעסער.**

אויב ס׳איז טאַקע ווי דו מיינסט, אַז שלמה איז אַ שטיקל גדול, איז אדרבה: כל הגדול מחברו, יצרו גדול הימנו.

(מ. סמבטיון: „אַ זעקסטער חעלסטייל״)

**כל הון דעלמא** *

דער גאַנצער פאַרמעגן פון דער וועלט.

כ׳בין גרייט ס׳זאָל קאָסטן כל הון דעלמא, אַבי דו זאָלסט זען, אַז דיין שוסטער זאָל מיר מאַכן אַזאַ פּאָר שטיוול ווי דו טראָגסט.

(י. האָפער: „ר׳ תנחום״)

**כל הכועס כאילו עובד עבודה זרה** (זוהר, בראשית כז)

דער וואָס כעסט זיך, איז ווי ער וואָלט געדינט עבודה זרה.

כעס פירט אַראָפּ פון דרך הישר... כל הכועס כאילו עובד עבודה זרה.

(מ. בורשטין)

**כל המאבד נפש אחת מישראל כאילו איבד עולם מלא** (סנהדרין לז)

**ווער עס ברענגט אום איין יידיש נפש, איז גלייך ווי ער וואָלט אומגעבראַכט אַ גאַנצע וועלט.**

אַ טעמפּער ייד, דיין מחותן, אַ טעמפּער! נו, ער האָט שוין דיך מדריך געווען?... און איטשע שווייגט, ס׳אַרט אים אַפּנים נישט אַז כל המאבד נפש אחת מישראל, כאילו איבד עולם מלא!

(י. אָפּאַטאָשו: „אין פּוילישע וועלדער״)

**כל המגרש אשתו ראשונה אפילו מזבח מוריד עליו דמעות** (גיטין צ)

דער וואָס גט אָפּ זיין ערשט ווייב, אויף דעם גיסט אפילו דער מזבח מיט טרערן.

דערמאָן זיך וואָס די גמרא זאָגט אין גיטין: כל המגרש אשתו ראשונה, אפילו מזבח מוריד עליו דמעות... — איך וויל נישט מען זאָל איבער מיר וויינען.

(י. האָפּער: „ר׳ תנחום")

**כל המוסיף גורע** (סנהדרין כט, רש״י)

דער וואָס לייגט צו — נעמט אַראָפּ (צוגאָב מאַכט קאַליע).

זיי האָבן נישט געהאַלטן פון דעם כלל, אַז כל המוסיף גורע — ווער עס לייגט צו, נעמט אַראָפּ.

(מרדכי יאָפּע: „די העברעישע ליטעראַטור אין ישראל")

**כל המלמד את בן חברו תורה, מעלה עליו הכתוב כאילו ילדו** (סנהדרין יט)

דער וואָס לערנט אימעצן תורה, איז גלייך ווי ער וואָלט דעם תלמיד געבוירן.

כל המלמד את בן חברו תורה, מעלה עליו הכתוב כאילו ילדו, איז ר׳ פּייוויש מלמד דערפאַר געוואָרן דער טאַטע, די מאַמע און אַלץ.

(ש. אַש)

**כל המצר לישראל נעשה ראש** (גיטין נה)

דער וואָס טוט יידן שלעכטס, ווערט (ביי די שונאים) דערהויבן.

שוין זשע, האָלט ביאַליק, אַז ווייל די ענגלענדער פירן זיך אויף מיאוס לגבי יידן, וועלן זיי האָבן אַ שוואַרצן סוף? אין גאַנצן פאַרגעסן דעם „כל המיצר לישראל נעשה ראש"?

(דניאל לייבל: „ביאַליק שבבעל־פה")

**כל המקיים נפש אחת מישראל כאילו קיים עולם מלא** (סנהדרין לז)

דער וואָס דערהאַלט ביים לעבן איין יידיש נפש, איז ווי ער וואָלט געראַטעוועט אַ גאַנצע וועלט.

די מאַטאָ פון דעם סאַנאַטאָריום: „כל המקיים נפש אחת מישראל כאילו קיים עולם מלא", ער דאַרף מקיים זיין און ער איז מאבד... אַ סך פּאַציענטן שטאַרבן.

(ש. מילער: „דור המדבר")

**כל המרבה הרי זה משובח** (הגדה פון פסח) *

דער וואָס גיט (טוט) אַ סך, ווערט געלויבט. וואָס מער, אַלץ בעסער.

מיר זאַמלען ביכער פאַר דער יידישער ביבליאָטעק, וכל המרבה הרי זה משובח.

(י. פריילין)

**כל המשיא בתו לעם הארץ, כאילו כופתה ומניחה לפני ארי**

(פסחים מט)

דער וואָס גיט אויס זיין טאָכטער פאַר אַן עם־הארץ, איז ווי ער וואַלט זי געבונדן און אַוועקגעלייגט פאַר אַ לייב.

ר' אברהם ברוך האָט געהאַט אַ משונהדיקע שרעק פאַר עם־הארצים... כל המשיא בתו לעם־הארץ כאילו כופתה ומניחה לפני ארי.

(י. האָפּער: „ר' זלמן")

**כל הפוסל, במומו פוסל** (קידושין ע)

דער וואָס פּסלט יענעם, פּסלט געוויינלעך מיט זיין אייגענעם חיסרון.

זיינע אָנפאַלן אויף מיר וועל איך פאַרשווייגן, ווייל כל הפוסל במומו פוסל.

(א. א. ראָבאַק)

**כל הצרות שבעולם**

אַלע צרות פון דער וועלט.

אפשר דערפאַר, וואָס זי האָט קינדווייז אַ סך געקרענקט, איבער־געטראָגן אויף זיך כל הצרות שבעולם.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**כל הקודם זכה** (בבא קמא ג) *

דער וואָס קומט פריער — געווינט.
איר טאָרט נישט אָפּלייגן דעם ענין, ווייל כל הקודם זכה.

(י. קאַטיק)

**כל הרודף אחר כבוד — הכבוד בורח ממנו** (תנחומא, ויקרא)

כבוד אַנטלויפט פון דעם מענטש, וואָס יאָגט זיך נאָך אים.
כל הרודף אחר כבוד — ווער עס יאָגט זיך נאָך כבוד, איז הכבוד בורח ממנו — אַנטלויפט פון אים דער כבוד ווי דער ווייסער פעפער וואַקסט.

(ש״ע : „כתרילעווקער פּראָגרעס״)

**כל התחלות קשות** (מכילתא, יתרו כד)

יעדער אָנהייב איז שווער.
דער עיקר וואָס די התחלה איז שוין געמאַכט, ווייל כל התחלות קשות.

(מ. בורשטין)

**כל זמן שאדם חי יש לו תקווה** (ירושלמי, ברכות פרק ט)

כל־זמן אַ מענטש לעבט, האָט ער אַ האָפענונג.
כל זמן שאדם חי, יש לו תקווה — כל זמן דער מענטש האַלט זיינע אויגן אָפן, דאַרף ער כסדר האָפן.

(פאָלקסווערטל״)

**כל זמן שהנשמה בקרבי** (ברכות ס)

כל זמן איך לעב.
אַ ייד, כל זמן שהנשמה בקרבי — עס שלאָגט זיך נאָך אַן אָדער, טאָר ער נישט פאַרלירן דעם ביטחון.

(ש״ע : „טביה דער מילכיקער״)

**כל חמתם** *

זייער גאַנצן צאָרן.

האָבן זיי אויסגעלאָזט כל חמתם, נעבעך, אויפן שדכנס קאָפּ.
(ש״ע : „מנחם מענדל״)

**כל טוב** *
אַל דאָס גוטס, פון אַלעם גוטן.
טרײַנע מירל דעקט אַ טיש מיט כל־טוב, איבערן שטאַנד.
(י. ל. פרץ : „דער בעל־שם־טוב פּירט אויס אַ שידוך״)

**כל ימיו, כל ימיהם** *
אַלע זײַנע (זייערע) יאָרן.
זיי האָבן זיך כל ימיהם געמאַטערט.
(מ. י. בערדיטשעווסקי)

**כל ישראל אחים**
אַלע יידן זענען ברידער.
ווען דער חלף איז געלעגן ביי אַלעמען אויפן האַלדז, איז ביי איך געווען כל ישראל אחים.
(ממ״ס : „בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה״)

**כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא** (סנהדרין צ)
אַלע יידן האָבן אַ חלק עולם־הבא.
כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא — סיי די וויללערנער, סיי די נישט־וויללערנער.
(י. ל. פרץ : „שטומע נשמות״)

**כל ישראל ערבין זה בזה** (שבועות לט) *
אַלע יידן זענען פאַראַנטוואָרטלעך איינער פאַרן אַנדערן.
כל ישראל ערבין זה בזה, פונעם באַרג סיני ביזן היינטיקן טאָג.
(ממ״ס : „בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה״)

**כל עבודות זרות שבעולם** *
אַלע עבודה־זרות פון דער וועלט.

ער האָט שוין אויסגעדינט כל עבודות זרות שבעולם און צו גאָר־ נישט געקומען.

(י. ל. פּרץ)

## כל עבירות שבעולם

אַלע עבירות פון דער וועלט.

אַ ייִד וואָס טוט אָפּ אַזאַ זאַך איז עלול אָפּצוטאָן כל עבירות שבעולם.

(י. האָפּער: „ר׳ תנחום״)

## כל עורב למינהו (ויקרא יא, 16) *

יעדע קראָ צו איר מין. איטלעכער צו זיין גלייכן.

כל עורב למינהו — איטלעכער צו זיינעם: איר צו אייערע ביכ־ לעך, איך צו מיינע טעפּלעך.

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער״)

## כל עצמותי תאמרנה (תהילים לה, 10)

אַלע ביינער אין מיר רעדן, איך בין זייער גערירט, איך בין פול מיט התלהבות.

דאָס איז דער סוד פון דוד המלכס ווערטער: כל עצמותי תאמרנה... אינעם מאַרך פון די ביינער דאַרף זינגען, דאָרט דאַרף זיין דער ניגון.

(י. ל. פּרץ: „מקובלים״)

## כל רעה ולא אישה רעה (שבת יא)

יעטוועדע צרה, נאָר נישט קיין שלעכט ווייב.

ער אַליין איז טאַקע, נעבעך, ביטער אַריינגעפאַלן... כל רעה ולא אישה רעה — אַלע שלעכטסן, אָבער נישט קיין שלעכט ווייב, זאָגט די גמרא.

(י. האָפּער: „ר׳ תנחום״)

## כל שאינו מלמד את בנו אומנות, כאילו מלמדו ליסטות (קידושין כט)

דער וואָס לערנט נישט זיין זון קיין מלאכה, איז ווי ער וואָלט אים געלערנט רויבעריי.

אַ געזעלשאַפט וואָס בויט נישט קיין פּאַכשולן, בויט תּפיסות, ווי די חז"ל זאָגן: כל שאינו מלמד את בנו אומנות, כאילו מלמדו ליסטות.
(אַבאַ גאָרדין)

**כל תורה שאין עמה מלאכה, סופה בטלה** (אבות ב, ב)

תּורה וואָס פּאָרט זיך נישט מיט אַרבעט קאָן נישט האָבן קיין קיום.

כל תורה שאין עמה מלאכה, סופה בטלה — מיט אַזאַ קלאַסיש יידישן קוק אויף דער באַדײַטונג און ווערדע פון פיזישער אַרבעט, מעג טאַקע יעדער ייד שטאָלצירן. (ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**כל תלמיד־חכם שנמצא רבב על בגדיו, חייב מיתה** (שבת קיד)

אַ תּלמיד־חכם, וועמענס קליידער זענען פאַרפלעקט, פאַרדינט אַ האַרבע שטראָף.

יאָרן זענען אַריבער... פון דעסטוועגן האָט מען נאָך אַלץ נישט געפונען אויף זיין קאַפּאָטע קיין שפּרענקעלע, ווי ס'שטייט: תּלמיד־חכם שנמצא רבב על בגדיו חייב מיתה.

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט")

**כלא ידע** *

ווי ער וואָלט נישט געוווּסט, געמאַכט זיך נישט־וויסנדיק.

ר' ישראל־יענקל האָט זיך געמאַכט כלא־ידע, ווי ער וואָלט גאָר נישט געהערט וואָס ר' תּנחום האָט געזאָגט. (י. האָפּער: „ר' תּנחום")

**כלאחר־יד** (כתובות ס) *

נישט־טראַכטנדיק, אָן וועלכער ס'איז כוונה.

אַלץ וואָס ער האָט געשריבן, האָט ער נאָר געשריבן כלאחר־יד... צו וואָס בכלל שרייבן, אַז מען קאָן שמועסן?

(ז. שזר: „ליכטיקע פערזענלעכקייטן")

**כלו כל הקצין** (סנהדרין צז) *

ס'זענען שוין פאַריבער אַלע אויסגערעכנטע צייטן פון קץ (פון דער גאולה). נישטאָ מער קיין האָפענונג, שוין אַלץ פאַרפאַלן.

זי האָט געזען, אַז עס האַלט שלעכט, אַז כלו כל הקצין.

(י. ל. פרץ)

**כלחוך השור** (במדבר כב, 4)

ווי אַן אָקס וואָס עסט אַלץ אַרום. באַגינען.

און גאַנץ פרי, כלחוך השור... האָב איך איינגעשפּאַנט דאָס פערד און וועגעלע.

(ש"ע : „טביה דער מילכיקער")

רייסט אַרויס מיטן וואָרצל כלחוך השור.

(י. האָפער : „מיט יענעם און מיט זיך")

**כלי־זיין** (יבמות קטו) *

געווער ; אינסטרומענט.

די מעסערס — דאָס זענען זיינע כלי־זיין, זיינע אינסטרומענטן, זיינע חלפים.

(ש"ע : „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

**כלי־משחית** *

צעשטערונג־כלים.

די בראַנדזענע האַק איז אָפּגעשיקט געוואָרן אין מוזיי אַריין, נייע כלי־משחית... האָבן פאַרנומען דעם פּלאַץ פון די אַלטמאָדישע.

(אַבאַ גאָרדין : „יסודות פון דער געזעלשאַפט")

**כלי־קודש** *

הייליקע כלים. פאָלקס־באַצייכענונג פאַר יידישע רעליגיעזע באַ־אַמטע (רב, שוחט, חזן אדג"ל).

נישט שלעכט לעבן זיך דאָרטן די כלי־קודש: די רבנים, דיינים, שוחטים, חזנים, שמשים, שתדלנים.

(ש"ע : „די רויטע יידלעך")

**כלתה פרוטה מן הכיס** (סנהדרין צז)

נישטאָ מער קיין גראָשן אין טאַש.

זאָל משיח כאָטש מאָרגן קומען!... עס איז שוין לאַנג כלתה פּרוטה מן הכיס.

(י. ל. פּרץ: „נעילה")

**כמה... איכא בשוקא?** (לויט ברכות יז)

וויפל... איז פאַראַן אין מאַרק? וויפל אַזעלכע ווי... זענען דאָ בכלל?

איך בין אים אָבער אויפריכטיק מקנא מיט יענע מצוות: פּער־זענלעכע און נאַציאָנאַלע. — כמה באָטאָשאַנסקי איכא בשוקא?

(מ. שטריגלער)

**כמונח בקופסה** (יומא עה)

ווי עס ליגט אין דער פּושקע (גאָר זיכער).

אויף זיין וואָרט קאָן מען שטעלן, אַז ער זאָגט עפּעס צו, איז כמונח בקופסה.

(מ. בורשטין)

**כמוצא שלל רב** (תהילים קיט, 162)

ווי איינער וואָס געפינט אַן אוצר. זייער צופרידן.

פאַר אים איז דאָס געווען אַ קלייניקייט... און פאַר יענעם וואָלט דאָס געווען כמוצא שלל רב.

(ש"ע: „מיטן עטאַפּ")

**כמי שכפאו שד** (נדרים כ)

ווי אַ שד וואָלט אים דערצו געניייט.

ער פאַרטראָגט נישט קיין מסחר און שטייט אין קראָם אַ צעטראָ־גענער כמי שכפאו שד.

(א. קאַראַלניק)

**כמלך בגדוד** (איוב כט, 25)

ווי אַ מלך צווישן זיינע חיילות. פילט זיך אויסגעצייכנט.

נאָך מער ווי גוט! איך בין דאָרט כמלך בגדוד!

(א. שטיינבאַרג: „משלים")

**כן יאבדו!** (שופטים ה, 31) *

אַט אַזוי זאָלן זיי (די שונאים) פאַרטיליקט ווערן.

כן יאבדו!... אויך אים דערוואַרט אַ מיאוסער סוף.

(א. ביק)

**כן ירבו!** *

הלוואי זאָלן זיי זיך מערן, זאָלן זיין אַ סך אַזעלכע.

זיי פּרוכפּערן זיך און מערן זיך זייער געשמאַק, כן ירבו!

(ש"ע: „משוגעים")

**כנסת ישראל** (מנחות נג) *

די יידישע אומה.

דו, כנסת ישראל, דו ביסט עס די ליבע, געטרייע מאַמע.

(ממ"ס: „אַ גרויע האָר")

**כסף טהור** *

ריין זילבער.

גענומען האָבן מיר... אַלצדינג וואָס איז פון ריין זילבער, כסף טהור.

(ש"ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

**כסף מטהר ממזרים** (קידושין עא)

געלט איז מטהר ממזרים.

כסף מטהר ממזרים, און בפרט נגידים חזרים. (פאָלקסווערטל)

**כעני בפתח**

ווי אַן אָרעמאַן ביי דער טיר.

ער האָט נעבעך אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געשטאַנען פאַרן בעל־שמס בעט כעני בפתח. (י. י. טרונק: „משיח־געוויטער")

**כעפרא דארעא** (ברכה ביים אויסרוימען דעם חמץ) *

ווי שטויב פון דער ערד (הפקר). ווי אַ זאַך וואָס האָט נישט קיין ווערט.

דאָ אין שול איז נישטאָ ביי אים קיין נגיד, קיין אַריסטאָקראַט, ער איז זיי מבטל כעפרא דארעא.

(ש"ע : „אקדמות")

**כף הקלע** (שמואל־א כה, 29) *

שטיין־שליידערער. פּייניקונג־אינסטרומענט אין גיהנום.

אַט אַזוי לעבט דער דאָזיקער אַסימילירטער ייד אין אַ מין כף־הקלע — נישט אַהער און נישט אַהין, פרעמד צווישן אייגענע און נישט אייגן צווישן פרעמדע.

(א. גאָלאָמב : „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

**כפה עליהם את ההר כגיגית** (שבת פח)

געדראָט איבערצוקערן אויף זיי דעם באַרג. ער האָט זיי אויפגעצוווּנגען (צו נעמען די תורה).

אויך ישראל האָט די תורה מיטן גוטן ווילן נישט געוואָלט אָננעמען... כפה עליהם הר כגיגית, נאָך נישט געווען רייף זי אָפּצושאַצן.

(ח. גרינבערג : „ייד און וועלט")

**כפוי־טובה** *

פאַרגעסט אַ טובה. אַן אומדאַנקבאַרער.

תנחום האָט זיך דערפילט שולדיק, ווי ער וואָלט חלילה געווען אַ כפוי־טובה, נישט־דאַנקבאַר פאַר די חסדים וואָס זענען מיט אים געשען.

(י. האָפער : „ר' תנחום")

**כפל־כפליים**

פיל מאָל מער. עטלעכע מאָל אַזוי פיל.

דער אמתער פּאָעט צאָלט זיינע חובות, ער גיט צוריק דעם פאָלק מיט פּראָצענט — כפל־כפליים.

(י. גלאַטשטיין : „אין תוך גענומען")

**כפתור ופרח!** (בבא בתרא צא, לויט שמות כה, 33)

קנאָספּ און בלום. אויסטערליש שיין.

האָ, וואָס זאָגט איר צו אַזאַ מין איינפאַל? איך זאָג אייך: כפתור ופרח!

(א. גאָלאָמב: „אייביקע ווענן פון אייביקן פאָלק״)

**כצאן בלי רועה** (במדבר כז, 17) *

ווי שאָף אָן אַ פּאַסטעך. ווי קהל אָן אַ מנהיג.
איך בין געבליבן כצאן בלי רועה.

(י. ל. פּרץ)

**כצאן לטבח** (ישעיה נג, 7)

ווי שאָף צו דער שחיטה.

וואָלטן מיר אַליין כאָטש געוווּסט, ווּהין מען פירט אונדז — איז ניין! כצאן לטבח — ווי די שאָף צו דער שלאַכט.

(ש״ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט״)

**כצפיחית בדבש** (שמות טז, 31)

ווי אַ האָניק־קוכן.

און זי אַליין דערלאַנגט מיר שוין די שפּיץ פינגער טאָקע כצפיחית בדבש!

(י. ל. פּרץ: „פּורים־שפּיל״)

**כקליפת־השום** (בכורות נח)

ווי קנאָבל־שאָלעכץ. ווי אַ זאַך וואָס האָט נישט קיין שום ווערט.

דערציילט גדולות ונפלאות וועגן אייגענע גדולים און מבטל געווען אַנדערע גדולים כקליפת־השום.

(ה. צייטלין: „ר׳ נחמן בראַצלאַווער״)

**כרחוק מזרח ממערב** (תהילים קג, 12)

ווי עס איז ווייט מזרח פון מערב.

זייענדיק אין דער אמתן אַזוי ווייט פון גאָט און גאָטדינען כרחוק מזרח ממערב.

(ש. א. האָראָדעצקי: „חסידיזם״)

**כרחם אב על בנים** (תהילים קג, 13)

ווי אַ פֿאָטער דערבאַרעמט זיך אויף זיינע קינדער.

זיי וועלן דאָס זיך מרחם זיין איבער אונדז כרחם אב על בנים.

(ממ״ס: „אין אַ שטורעם־צייט״)

**כרמי שלי לא נטרתי**

מיין אייגענעם וויינגאָרטן האָב איך נישט אָפּגעהיט.

כרמי שלי, מיין וויינגאָרטן, וואָס איז מיר געקומען בירושה פֿון מיינע עלטערן, לא נטרתי — האָב איך נישט געהיט.

(ממ״ס: „אַ גרויע האָר״)

**כשושנה בין החוחים** (שיר השירים ב, 2)

ווי אַ רויז צווישן דערנער.

אגב האָב איך געפּילט, אַז איך באַדאַרף עס זיין כשושנה בין החוחים — ווי אַ פֿינפֿטער ראָד צום וואָגן.

(ש״ע „טביה דער מילכיקער״)

**כשל כוח הסבל** (נחמיה ד, 4)

עס האָט געפּלאַצט דאָס געדולד. שווער איבערצוטראָגן די צרות.

וכאשר כשל כוח הסבל — ווייל ער פּלעגט זי פּייניקן און רודפֿן, האָט זי אויף זיך אַליין געבעטן דעם טויט.

(י. ל. פּרץ: „מסירת נפש״)

**כשמו כן הוא** (שמואל־א כה, 25)

אַזוי ווי דער נאָמען, אַזוי איז ער.

געשריבן אַ ספֿר „שער־הברזל״, וכשמו כן הוא: אַזוי האָט דער ספֿר געהייסן, אַזוי האָט מען אים גערופֿן! אַן אייזערנער ייד!

(י. ל. פּרץ: „דער עונש״)

**כתב־יד** *

מאַנוסקריפּט; האַנטשריפֿט.

ער האָט ליב, אַז מען רעדט מיט אים וועגן זיינע כתב־ידן.

(י. י. זינגער: „די משפּחה קאַרנאָווסקי")

די אַדרעסן פלעגט ער שרייבן מיט דער לינקער האַנט, מען זאָל זיין כתב־יד נישט דערקענען.

(י. ל. פּרץ: „וואָס אַ מאָל ווייניקער")

**כתבא רבא** *

אַ גרויסער שרייבער. אַ קאַליגראַף.

היינט זיין האַנטשריפט! איז צו אים אָנגעקומען אַ יינגל (אַ תּלמיד), איז ער אַרויס אַ כתבא רבא!

(ש. מילער: „דור המדבר")

**כתבי־הקדש**

הייליקע שריפטן (תנ"ך).

אַנדערע פעלקער האָבן אויך הייליקע שריפטן, כתבי־הקודש. ביי אונדז זענען די ספרים, די שריפטן נאָר ציגל, וואָס פון זיי דאַרף מען כסדר בויען נייע און נייערע געביידעס.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

**כתל־מערבי, הכתל המערבי** (שמות רבה ב) *

מערב־וואַנט (איבערגעבליבענער טייל פון דער מויער, וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם בית־המקדש).

די כותל־מערבי... אירע שטיינער זענען שוואַרץ פון ליפּן און פון טרערן.

(י. י. טרונק: „משיח־געוויטער")

# ל

**לא אלמן ישראל** (ירמיה נא, 5) *

ישראל איז נישט קיין אלמן. נישט אויסגעלאָזט האָבן זיך די מנהיגים בײַ יידן.

לא אלמן ישראל... פאַראַן נאָך תלמידי־חכמים, וואָס נעמען זיך אָן פאַר אָרעמע־לײַט.

(א. ביק)

**לא אמות כי אחיה** (תהילים קיח, 17) *

איך וועל נישט שטאַרבן, כ'וועל לעבן.

די לאָזונג „לא אמות כי אחיה!" דאַרף שטיין פאַר אונדז אַלעמען, די לעבנגעבליבענע יידן.

(נ. מייזיל)

**לא איסתייעא מילתא (לא נסתייע הדבר)** (בבא מציעא פה)

דער ענין איז נישט געלונגען, די זאַך האָט זיך נישט אײַנגעגעבן.

ער האָט געטאָן אַלצדינג עולה צו זײַן קיין ארץ־ישראל... אָבער לא אסתייעא מילתא.

(נ. שמן: „דאָס געזאַנג פון חסידות")

**לא בחייל ולא בכוח, כי אם ברוח** (לויט זכריה ד, 6)

נישט מיטן פיזישן כוח, נאָר מיטן גייסט.

לא בחיל ולא בכוח, כי אם ברוח — יידישער גייסט דריקט זיך אויס אין דערהייבונג פונעם ווערט פון מאָראַלישן לעבן איבער דער פיזישער קראַפט.

(ח. גרינבערג)

**לא בשמים היא** (דברים ל, 12)

זי (די תורה) איז נישט אין הימל.

לא בשמים היא, די תורה איז נישט מער אין הימל.

(א. מענעס: „אליהו הנביא")

**לא דובים ולא יער** (סוטה מז) *

ניט קיין בערן און ניט קיין וואַלד. ניט געשטויגן און ניט געפלויגן.

מיינט איר דאָך, אַז ער פאַרשטייט דעם שטאָך? לא דובים ולא יער — עס הייבט זיך גאָרנישט אָן.

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער״)

**לא הביישן למד** (אבות ב, ה)

דער שעמעוודיקער קאָן נישט לערנען.

אַז מען פאַרשטייט נישט פרעגט מען... נאָר זיך נישט שעמען, ווייל לא הביישן למד.

(מ. בורשטין)

**לא היה ולא נברא** (בבא בתרא טו) *

דאָס איז קיין מאָל נישט געווען, ס'האָט קיין מאָל נישט פּאַסירט.

זי (די פאַבריק) איז גאָר לא היה ולא נברא, נאָר אַן אויסטראַכ־טעניש עפּעס.

(ת. הזז: „אַ פייער ברענט״)

**לא היו דברים מעולם, להד״ם** (בבא מציעא יז) *

דאָס איז קיין מאָל נישט געשען, ס'איז אַן אויסטראַכטעניש.

להד״ם! — עס האָט זיך גאָרנישט אָנגעהויבן.

(י. ל. פרץ: „כרת״)

**לא המדרש עיקר אלא המעשה** (אבות א, יז)

נישט דאָס לערנען איז דער עיקר, נאָר דאָס טאָן, נישט רייד, נאָר מעשים.

גיט אים ר' חייא אָנצוהערן, אַז לא המדרש עיקר...

(י. ל. פרץ: „מסירת נפש״)

**לא הקפדן מלמד** (אבות ב, ה)

אַ קפדן טאָר נישט זיין קיין לערער.

דער כעס האָט געזאָטן... ער האָט זיך צעווײנט, צעווײנט פאַר כעס און אַנטלאָפן... לא הקפדן מלמד, אױס!

(ש. מילער: „דור המדבר")

**לא זה (זו) הדרך** (מלכים־ב ו, 19)

נישט דאָס איז דער װעג. גאָר אַן אַנדער דרך, גאָר אַנדערש.

ער האָט שױן גענומען רעדן אַ סך װײכער, אַן אַנדער לשון... ס'איז גאָר לא זו הדרך!

(ש"ע: „לשנה טובה")

**לא טוב היות האדם לבדו** (בראשית ב, 18)

עס איז נישט גוט פאַרן מענטש צו זײן אַלײן.

ס'איז שלעכט, כ'האָב אפילו נישט מיט װעמען אַ װאָרט אױסצו־רעדן... לא טוב היות האדם לבדו. (מ. בורשטין)

**לא יבוא בקהל ה'** (לױט דברים כג, 3)

ער זאָל נישט קומען אין ײדישן קהל.

שטעלט מען אים אָפּ אַװעק מחוץ־למחנה, ער איז געװאָרן אַ לא יבוא בקהל.

(נ. מײזיל: „ד"ר חיים זשיטלאָװסקי")

**לא יזכר ולא יפקד, לא ייזכר ולא ייפקד** (ירמיה ג, 16)

זאָל נישט דערמאָנט און נישט געדאַכט װערן.

אָנגעזאָגט האָב איך אין שטוב, אַז חװה לא ייזכר ולא ייפקד — נישטאָ חװה.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**„לא יחרץ"־געלט** (לױט שמות יא, 17)

שװײג־געלט. שוחד פאַר נישט־דערצײלן.

אַלערלײ געלט: לימוד־געלט, צדקה־געלט... און מען איז דאָך אין גלות — לא־יחרץ־געלט אױך.

(י. ל. פרץ: „תורה")

**לא ינום ולא יישן שומר ישראל** (תהילים קכא, 4)

עס דרימלט נישט און שלאָפט נישט דער היטער פון יידן.

זיך פאַרלאָזן אויפן אייבערשטנס הילף, ער איז אַ טאַטע, ווי אין פסוק שטייט: הנה לא ינום ולא יישן...

(ממ"ס: „צוריק אַהיים")

**לא יעשה (לא ייעשה) כן במקומנו** (בראשית כט, 26)

מען פירט זיך נישט אַזוי ביי אונדז.

ענטפערט אים [דער ראש-ישיבה]: ניין, יחיאל-מיכל, לא ייעשה כן במקומנו, נישט קיין יידישע זאַך (צו חתונה מאַכן אַ ייִנגערע טאָכטער פאַר דער עלטערער). (י. ל. פרץ: „אַראָפּגעלאָזטע אויגן")

**לא יצלח, לא יוצלח** (ירמיה כב, 30) *

אַ נישט-געראָטענער, אַן אומבאַהאָלפענער, אַ בטלן.

ער פאַרשטייט נישט פון דאַגען אַהין, אין קלייטזאַכן (אין מסחר) איז ער אַ לא-יצלח. (מ. י. בערדיטשעווסקי)

**לא ישא (יישא) גוי אל גוי חרב** (ישעיה ב, 4)

אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט נישט אויפהייבן קיין שווערד.

און דער אידעאַל איז אויך אַן אוניווערסאַלער: לא ישא גוי אל גוי חרב... — אייביקער שלום.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

**לא כל אדם זוכה**

נישט איטלעכער איז דערצו זוכה.

אים האָט ער באַפוילן זיין צוגעגרייט צו דער גרויסער און הייליקער שליחות, וואָס לא כל אדם זוכה...

(ש. ראָזענבערג: „שבתי צבי")

**לא כל אדם זוכה לשני שולחנות** (ברכות ה)

נישט יעדער מענטש איז זוכה צו צוויי טישן (צו תורה און עשירות צוזאַמען).

ער האָט געשמט מיט זיין למדנות און דערצו געווען אַ גרויסער עושר... לא כל אדם זוכה לשני שולחנות.

(ש. פרוג)

**לא כל הרוצה ליטול את השם, יטול** (ברכות טז)

נישט יעדער וואָס וויל זיך נעמען אַ נאָמען פון אַ גדול, מעג אים נעמען.

אַמאָליקע יאָרן האָבן די חכמים געזאָגט: לא כל הרוצה ליטול את השם, יקום ויטול — נישט יעדערער, ווער עס וויל נעמען אַ נאָמען, מעג אים נעמען.

(ממ״ס, לויט „דאָס מענדעלע־בוך״)

**לא כל שכן** (ברכות נג) *

אוודאי און אוודאי.

איר זאָלט זיך אָפּגעבן מיט אַזאַ קליין מענטשעלע ווי איך... און לא־כל־שכן אַרויסשטעלן מיין נאָמען אין אַ בוך!

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער״)

**לא לחכמים לחם** (קוהלת ט, 11)

חכמים האָבן נישט קיין ברויט.

ווי זאָגט שלמה המלך: לא לחמים לחם — אַלע קענערס גייען אַן שטיוול.

(ש״ע: „קליינע מענטשעלעך מיט קליינע השגות״)

**לא מדובשך ולא מעוקצך** (במדבר רבה כ)

נישט דיין האָניק און נישט דיין שטאָך, נישט דיין גוטס און נישט דיין שלעכטס.

לא מעוקצך ולא מדובשך! זיי מיר נישט קיין פעטער און ביי מיר נישט קיין שטיוול.

(ש״ע: „נישטאָ קיין נייעס״)

**לא מעלה ולא מוריד** (גיטין נב) *

עס גיט נישט צו און עס נעמט נישט אָפּ.

דער עלטערער גוט־באַקאַנטער שרייבער איז שוין גענוג געזאַלבט געוואָרן, זיין ניי בוך, קאָן מען זאָגן: לא מעלה ולא מוריד.
(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען")

## לא מעלמא הדין
נישט פון אונדזער וועלט (פרעמד צו אונדזער ווירקלעכקייט).
עס פאַרשפרייט זיך ביי אונדז ביסלעכווייז אַ מין עפּידעמיע, אַ קראַנקער און פּרוכטלאָזער גוסט פאַר לא מעלמא הדין, אַ מין געפיל פון אוניווערסאַלער שוואַכקייט.
(ח. נ. ביאַליק, לויט ח. גרינבערג אין „ייד און וועלט")

## לא מצאתי לגוף טוב אלא שתיקה (אבות א, יז)
איך האָב נישט געפונען פאַרן גוף קיין בעסערס ווי שווייגן.
אוודאי דאַרף מען קאָנען שווייגן, נישט אומזיסט זאָגט דער פּרק: לא מצאתי לגוף טוב אלא שתיקה.
(ש. ל. ציטראָן)

## לא על הלחם לבדו יחיה האדם (דברים ח, 3)
נישט אויף ברויט אַליין לעבט דער מענטש (ער דאַרף האָבן אויך רוחניותדיקע שפּייז).
כי לא על הלחם לבדו יחיה האדם — די נשמה דאַרף אויך עסן.
(י. ל. פּרץ: „תורה")

## לא עליך המלאכה לגמור (אבות ב, טז)
דו מוזסט נישט פאַרענדיקן די אַרבעט (דו דאַרפסט נאָר טאָן).
לא עליך המלאכה לגמור... זאָלן קומען אַנדערע און דערגאַנצן דאָס וואָס דאָ פעלט.
(נ. מייזיל: „דאָס מענדעלע־בוך", הקדמה)

## לא עם־הארץ חסיד (אבות ב, ה)
אַן עם־הארץ קאָן נישט זיין קיין חסיד.

אמת ולא עם־הארץ חסיד — אָן תורה קאָן מען קיין חסיד נישט זיין.
(י. ל. פרץ: „תורה")

**לא קם ולא זע** (מגילת אסתר ה, 9)

ער איז נישט אויפגעשטאַנען און נישט גערירט זיך פון אָרט (נישט רעאַגירט).

מיין איך, אַז ער וועט דאָ בטל ווערן, צום סוף — ווער וואָס? לא קם ולא זע!
(ש״ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

**„לא ראינו" אינה ראיה** (עדיות פרק ב)

מיר האָבן נישט געזען איז נישט קיין באַוויז (אַז עס האָט נישט פּאַסירט).

אַז ער האָט נישט געהערט אַזאַ און אַזאַ וואָרט איז דעריבער אַזאַ וואָרט נישט בנמצא? ...ער ווייסט דעם מאמר לא ראיתי אינה ראיה, טאָ אַ פּשיטא שוין לא שמעתי.
(א. א. ראָבאָק: „דער פאָלקסגייסט אין יידיש")

**לא תגנוב** (שמות כ, 13) *

זאָלסט נישט גנבענען.

זאָל מיר דער געבאָט פון לא תגנוב מוחל זיין, נאָר דער ניסיון איז געווען גרויס.
(דער נסתר: „דערציילונגען און עסייען")

**לאו בכל יומא מתרחש נסא** (פסחים ג)

נישט יעדן טאָג געשעט אַ נס.

לאו בכל יומא מתרחש ניסא... און אפשר געשעען יאָ אַלע טאָג ניסים, נאָר ווער גיט זיך אָפּ אַ חשבון וועגן זיי.
(ח. גרינבערג)

**לאו עכברא גנב אלא חורא גנב** (גיטין מה)

נישט די מויז איז די גנבטע, נאָר דאָס לאָך.

דער אייגנטלעכער גנב איז דער וואָס באַהאַלט אויס די גניבה.
לאו עכברא גנב — נישט דאָס ווערקל צאָלט, נאָר דער מענטש צאָלט.

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער״)

## לאחר המעשה *

נאָך אַלעמען, נאָך דעם ווי ס׳איז געשען.
לאחר המעשה איז יעדער איינער אַ חכם.

(פאָלקסווערטל)

## לאחר מאה ועשרים (לויט בראשית ו, 3)

נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר.
האָט אַן אַלטער רב געפאָדערט פון זיין קהילה, אַז לאחר מאה ועשרים זאָל זיינס אַ זון אָדער איידעם פאַרנעמען זיין אָרט.

(י. האָפּער: „ר׳ זלמן״)

## לב יודע *

אַ האַרץ ווייסט, אַ האַרץ פילט.
אַ מאַמע! לב יודע — איר האַרץ האָט שוין געפילט די סכנה.

(י. ל. פּרץ: „צווישן צוויי בערג״)

## לב יודע מרת נפשו (משלי יד, 10)

דאָס האַרץ פילט די צרה, וואָס רוקט זיך אָן.
און לב יודע מרת נפשו — פילט ער, אַז עס איז שלעכט.

(י. ל. פּרץ: „מסירת נפש״)

## לבא (ליבא) לפומא לא גלי (הלב לפה אינו מגלה) (קוהלת רבה יב)

דאָס האַרץ אַנטפּלעקט נישט וועגן דעם אפילו דעם אייגענעם מויל (ס׳בלייבט אַ סוד).

וואָס זאָל איך אייך זאָגן וועגן דער כוונה פון מיין נסיעה קיין ארץ־ישראל? עס איז אפילו ליבא לפומא לא גליא.

(ה. צייטלין: „ר׳ נ. בראַצלאַווער״)

**להבדיל אלף אלפי הבדלות** *

נישט פֿאַרגלייכבדיק (אונטערשיידנדיק) טויזנט טויזנטער מאָל.

טביה אָבער האָט געמיינט, אַז עס איז, להבדיל, אלף אלפי הבדלות, אַ פּראָסטער כישוף־מאַכער.

(י. ל. פּרץ: „זיבן גוטע יאָר")

**להבדיל בין החיים והמתים**

להבדיל צווישן די לעבעדיקע און טויטע.

עס זענען דאָ פֿאַראַן אָפּהאַנדלונגען וועגן שרייבער וואָס לעבן נישט, און שרייבער וואָס, להבדיל, בין החיים והמתים, לעבן יאָ.

(י. באָטאָשאַנסקי: „פּשט")

**להשמיד ולהרוג** (לויט מגילת אסתר ג, 13) *

צו פֿאַרטיליקן און צו אומברענגען. איז להשמיד ולרהוג — איז אין כעס.

ער האָט מיך באַגעגנט אין גאַס און זיך אָפּגעקערט, איז להשמיד ולהרוג אויף אַלעמען.

(י. באַשעוויס: „די פֿאַמיליע מושקאַט")

**ל"ו צדיקים** (סנהדרין צז)

זעקס און דרייסיק פֿאַרבאָרגענע צדיקים (וואָס אין זייער זכות שטייט די וועלט).

וועדליק איר, איז ער איינער פֿון די ל"ו צדיקים, וואָס אין זייער זכות האָט די וועלט אַ קיום.

(יהודה בורלא: „ווי איינער פֿון די קדמונים", פֿון העברעיש: אליי)

**לועג לרש** (משלי יז, 5)

ער שפּאָט אָפּ פֿון אָרעמאַן.

עס וואָלט געווען ווי אַ לועג לרש: שפּאָטן פֿון אַ שטומען, פֿאַר וואָס ער רעדט נישט.

(ממ"ס: „ספר הגילגולים")

**לחם חוקו** (משלי ל, 8)

ברויט פאַר זיין אויסקומעניש, טעגלעך ברויט. לעבנס־באַדער־פעניש.

היינטיקע ציימן זענען קינאָ און טעאַטער נישט קיין זאַך פון לוקסוס, נאָר לחם חוקו פון איטלעכן קולטורעלן מענטש.

(אַבאַ גאָרדין)

**לחם לאכול ובגד ללבוש** (בראשית כח, 20)

ברויט צום עסן און אַ מלבוש אָנצוטאָן.

וואָס דאַרף, מישטיינס געזאָגט, אַזאַ אַלטער ייד ווי איך? לחם לאכול ובגד ללבוש.

(י. פריילין)

**לחם עוני** (דברים טז, 3)

אָרעם ברויט. (מצה).

קנאַפּ ווי דער לחם עוני פון טאַטנס מאָגערן טיש.

(מ. גראָס־צימערמאַן: „אינטימער ווידעראַנאַנד")

**לי הכסף ולי הזהב** (חגי ב, 8)

צו מיר (גאָט) געהערט דאָס זילבער און דאָס גאָלד.

אויב דער ריבונו־של־עולם זאָגט: כי לי הכסף ולי הזהב, מיינט ער: דאָס זילבער פון דער לבנה מיט אירע שטראַלן און דאָס גאָלד פון דער זון אין תמוז, אָבער געלט האָט דער הימל נישט.

(י. ל. פרץ: „וואָס זאָל איך חעלן?")

**ליל־שימורים** (שמות יב, 42)

אַ נאַכט פון וואַך זיין, אַ נאַכט פון גרייטקייט.

אָבער די האַלטונג: רויִק — אַ סאָלדאַט אויפן פּאָסטן, און דער סאָלדאַט דאַרף זיין וואַך: ליל שימורים.

(ש. מילער: „צו דער עקידה")

**לית דין ולית דיין (אין דין ואין דיין)** (ויקרא רבה כח) *

נישטאָ קיין געזעץ און נישטאָ קיין ריכטער (אַלץ הפקר).

און פאָרן פאָרט זי אַליין! לית דין ולית דיין — פאַר קיינעם קיין מורא נישט!

(י. ל. פּרץ: „נחת פון קינדער")

**לית מאן דפליג (אין מי שחולק)** (תוספות חולין קיא)

קיינער איז נישט קעגן (אַלע זענען מסכים).

אַז דאָס פאָלק באַשטימט ווי אַזוי מיר זאָלן רעדן, איז דאָך לית מאן דפליג.

(א. א. ראָבאַק: „דער פאָלקסגייסט אין יידיש")

**„לך־לך"** (בראשית יב, 1)

גיי דיר, גיי אַוועק פון דאַנען. נאָמען פון אַ פּרשה.

אונדזער געשיכטע הייבט זיך אָן מיט אַ „לך־לך" — „גיי וואַנדער", וואָס איז אָנגעזאָגט געוואָרן שוין דעם ערשטן ייד: „גיי קויף זיך קברים!"

(א. גאָלאָמב: „תורה אָדער חכמה")

**לכל הדעות** *

לויט אַלע מיינונגען.

קאָן מען צוזאַמענשטעלן אַ גאַנץ פיינע עדה קריטיקערס, וואָס זאָלן אויסהאַלטן די פּראָבע לכל הדעות.

(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען")

**לכל זמן ועת לכל חפץ** (קוהלת ג, 1)

אויף אַלץ איז דאָ אַ שעה און אַ צייט, פאַר איטלעכער זאַך.

הערשלס פעטער האָט געשריבן: לכול זמן ועת לכל חפץ — אַלץ אין זיין צייט.

(ש. י. עגנון: „אַ פּשוטע משה")

**למה זה אנוכי?** (בראשית כה, 22)

צו וואָס דאַרף איך עס?

האָב איך מיך מיישב געווען: למה זה אנוכי — וואָס דאַרפסטו זיך מישן, טביה, צווישן קינדער?

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**למי אני עמל?** (קוהלת ד, 8)

פאַר וועמען מאַטער איך זיך? פאַר וועמען אַרבעט איך?
ווער דאַרף אָט די אַלע כתבים... לאַנגע יאָרן פון שווערער האָרע־וואַניע? למי אני עמל?

(י. י. זינגער: „די משפחה קאַרנאָווסקי״)

**למעלה מן השכל**

נישט צו פאַרשטיין, נישט צו באַגרייפן מיטן שכל.
אַז מען גייט אַריבער ביידע בריקן, פילט מען זיך שטאַלץ ביי זיך, ווי מע וואָלט אַריבערגעשפּאַנט עפּעס, וואָס איז למעלה מן השכל.

(ה. לייוויק: „עסייען און רעדעס״)

**למען ישמעו ויראו** (דברים יז, 13)

כדי זיי זאָלן הערן און מורא האָבן.
עס איז אַ יושר מען זאָל דעם חצוף, דעם בטלן טאַקע „קורע כדג״ זיין!... למען ישמעו ויראו!

(י. ל. פרץ: „שמעיה דער גיבור״)

**לעולם ועד** (שמות טו, 18) *

אויף אייביק.
זיין קעניגרייך וועט דויערן לעולם ועד.

(ש. ראָזענבערג: „שבתי צבי״)

**לעולם יהא אדם רך כקנה** (תענית כ)

תמיד זאָל דער מענטש זיין ווייך ווי אַ ראָרשטעקל (זיין גרייט צו ויתורים).
לעולם יהא אדם רך כקנה — ...וואָס לאָזט זיך בייגן פון אַלע ווינטן, און ווען דער שטורעם איז אַריבער, בלייבט ער אויף זיין פּלאַץ.

(א. מענעס)

**לעיני השמש** (שמואל-ב יב, 11) *

אין מיטן העלן טאָג, עפנטלעך.

דאָס אַלץ קומט פאַר אָפן, לעיני השמש, אָן בושה.

(א. איינהאָרן)

**לעילא ולעילא** (קדיש פון עשרת ימי תשובה) *

העכער און העכער.

עס איז גאָר לעילא ולעילא, ס'איז ממש אַ קונסטווערק.

(מ. י. בערדיטשעווסקי)

**לעתיד לבוא** (אבות ב, טז) *

אין דער ווײַטער צוקונפט, אין משיחס צײַטן.

דורכגעזאָפּט מיט דעם ליכט, וואָס איז טאַקע באַהאַלטן געוואָרן פאַר די צדיקים לעתיד לבוא.

(י. ל. פּרץ)

**לפום חורפא שבשתא (לפי החריפות השגיאה)** (בבא מציעא צו)

לויט דער שאַרפקייט איז דער גרייז. גרעסער די חריפות — גרעסער דער טעות.

און אפשר נעמען זיך זײַנע טעותן פון דער חריפות, פון דער שאַרפקייט זײַנער, ווי די גמרא זאָגט: „לפום חורפא שבשתא.

(א. א. ראָבאַק)

**לפי עניות דעתי**

לויט מײַן באַשיידענער מיינונג.

די פּאָעמע „מאָניש" כאַראַקטעריזירט ש. ניגער, און לפי עניות דעתי, זייער ריכטיק.

(ש. ביקל: „שרײַבער פון מײַן דור")

**לפני עיוור לא תיתן מכשול** (ויקרא יט, 14)

פאַר אַ בלינדן זאָלסטו נישט לייגן קיין שטרויכלונג.

אַ פרעמדער קאָן נאָך מיינען, ער שפּאַצירט מיט אַ אישה... לפני עיוור לא תתן מכשול.

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט")

**לפנים משורת הדין** (ברכות ז)

נישט מיטן האַרבן דין, מיט רחמים.

על־פּי־דין איז זי געזעכט, נאָר היינט דאַרף זי טאָן לפנים משורת הדין.

(י. ל. פרץ: „אַ יונגן שרייבערס חנוכה")

**לשון נופל על לשון** (בראשית רבה לא)

וואָרטשפּיל (ווערטער וואָס זענען ענלעך צו זיך מיט זייער אויס־שפּראַך און קלאַנג, אָבער פאַרשידן לויטן מיין).

די פיינקייטן און חנדלעך פון זיין שפּראַך... האַלטן זיך בעיקר אויף עפּיגראַמאַטישע און קאַלאַמבורישע לשון־נופל על־לשון־אַנדייטונגען.

(אַבאַ גאָרדין: „אליעזר שטיינמאַן")

**לשון תורה לעצמה, לשון חכמים לעצמם** (חולין קלז)

די תורה האָט איר אייגענע שפּראַך, די חכמים, ווידער, האָבן זייער אייגענע שפּראַך.

אונדזערע חכמים ז"ל האָבן שטאַרק מקפּיד געווען אויף שפּראַך־ריינקייט און האָבן געזאָגט: לשון תורה לעצמה, לשון חכמים לעצמם.

(ממ"ס, לויט „דאָס מענדעלע־בוך")

**לשם מצווה** *

פאַר מצווה וועגן.

[דער בעל־דבר] נעמט זי איין מיט גוטע, פרומע און זיסע ריידע־לעך, ער מיינט טאַקע לשם מצווה, לשם שמים.

(י. ל. פרץ: „די תאווה צו קליידער")

**לשם שמים** (אבות ב, ב) *

לשם אידעאַל (נישט פאַר אייגן נוצן).

זיי טוען זייער זאַך בשלמות גלאַט אַזוי לשם שמים, נישט צו נעמען פאַר זייער מי... אַ צעבראָכענעם „העלער".

(ממ"ס: „מסעות בנימין השלישי")

**לשנה הבאה בירושלים** (הגדה פון פסח)

איבער אַ יאָר אין ירושלים.

לאָמיר, יידן, טרינקען לחיים! לשנה הבאה בירושלים!

(ש״ע: „ביים קעניג אחשוורוש״)

**לתפארת המליצה**

פאַר מליצה־שיינקייט, פאַר שפּראַך־באַפּוצונג.

דעם לעצטן זאַץ באַנוץ איך נישט סתם לתפארת המליצה.

(מ. שטריגלער)

**לתקן עולם במלכות שדי** (תפילה „עלינו לשבח״)

איינשטעלן אויף דער וועלט די הימלישע געטלעכקייט. דערהייבן דאָס ערדישע.

דער גאַנצער אידעאַל פון יידישקייט ווערט פאָרמולירט אין איין זאַץ: לתקן עולם במלכות שדי — געטלעכקייט אויף דער וועלט צווישן מענטשן.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק״)

**לתרבות רעה** (שמות רבה מג) *

[אַוועק] אויף שלעכטע וועגן. [געוואָרן] אַן אַפּיקורס.

ער איז געוואָרן אויס פרום, גענומען לערנען רוסיש און איז אַרויס לתרבות רעה.

(י. באָטאָשאַנסקי: „פּשט״)

## מ

**מאבד עצמו לדעת** (בראשית רבה פב) *

נעמען אַליין זיך דאָס לעבן, באַגיין זעלבסטמאָרד.

מוניא איז געגאַנגען דעם וועג פון אַ מאבד עצמו לדעת אין ווין, ווו זיין געביין רוט טאָקע.

(מ. ראַוויטש: „דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן״)

**מאה מיתות ולא קנאה אחת** (דברים רבה, סוף וילך)

הונדערט מיתות און נישט קיין איין קנאה (קנאה איז ערגער פון טויט).

דאָס רעדט שוין פון איר נישט די ליבע, נאָר די קנאה... מאה מיתות ולא קנאה אחת.

(מ. סמבטיון: „אַ פאַרשפּעקטיקטע חרטה")

**מאחורי הפרגוד** (תנחומא, דברים) *

פון הינטער די קוליסן.

דאָס אַלץ האָבן מיר געהערט מאחורי הפרגוד, ס'דאַרף בלייבן אַ סוד.

(פּ. הירשביין)

**מאי טעמא?**

וואָס איז דער שכל? פאַר וואָס איז עס אַזוי?

מאי טעמא? זענען מיר אַנדערש ווי אַלע פעלקער?

(ב. האַגער: „דער גילגול פון אַ ניגון")

**מאי קא משמע לן?** (ברכות ז) *

וואָס זשע לאָזט עס מיך הערן?

דער יידישער „מאי קא משמע לן?" שטראַלט דורך אונדזער ערגסטער אומפאַרשטענדלעכקייט.

(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען")

**מאיגרא רמא לבירא עמיקתא (מגג גבוה אל בור עמוק)** (חגיגה ה)

פון אַ הויכן דאַך אין אַ טיפן גרוב (געפאַלן). אַ פלוצעמדיקע ירידה.

ער איז אַראָפּ פון זיין גדולה, טיף געפאַלן... מאיגרא רמא לבירא עמיקתא.

(מ. בורשטין)

**מאין באת ולאן אתה הולך** (אבות ג, א)

פון וואַנען ביסטו געקומען און וווהין גייסטו.

איצט רעד קלאָרע ווערטער: מאין באת ולאן אתה הולך? אַ ייד הייבט זיך אויף און ווערט נעלם אויף פינף יאָר!

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט")

**מאין יבוא עזרי?** (תהילים קכא, ו) *

פון וואַנען וועט קומען מיין הילף?

צו די בערג טו איך מיינע אויגן: מאין יבוא עזרי? אפשר וועט דער אייבערשטער העלפן.

(ש"ע: „מנחם מענדל")

**מאמר מוסגר** *

באַמערקונג. דערקלערונג־זאַץ.

אייטלקייט זאָגט מיר אונטער אַריינצושרייבן דאָ אין אַ מאמר מוסגר, אַז ער האָט שפּעטער געביטן זיין מיינונג וועגן מיינע שירים.

(מ. ראַוויטש: „דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן")

**מאן דיהב חיי יהב מזוני (מי שנותן חיים נותן מזונות)**

(לויט תענית ה)

דער וואָס גיט לעבן, גיט אויך צום לעבן (פּרנסה).

ער וועט פאַרקויפן דעם אַלטן שפּייכלער און דעם נייעם... אַי ברויט? — מאן דיהב חיי, יהב מזוני.

(י. עלבערג: „מפטיר יונה")

**מאן דכר שמה (מי זכר את שמו)** (שבת נז)

ווער דערמאָנט עס, ווער רעדט דערפון.

אַראָפּגעפּאַלן דער טלית פון קאָפּ, האָט ער אים שוין נישט אַרויפגעצויגן, אַרויסציען אַ האַנט — מאן דכר שמיה!

(י. ל. פּרץ: „אַן אפּקומעניש")

**מאריך בדברים** זיין

אַ סך רעדן, ברייט אַרומרעדן.

דאַרף איך דאָ גאָרנישט מאריך בדברים זיין, אַז יעקב באַטאַ־שאַנסקי געהערט צו זיי בכל רמ״ח איבריו.

(מ. שטריגלער)

**מאריך ימים** זיין (לויט יהושע כד, 31) *

זאָל לאַנג לעבן, זאָל האָבן לאַנגע יאָרן.

דאָס ווייב, זאָל מאריך ימים זיין, האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל און זיך אַוועקגעשטעלט ביים אויוון.

(ש״ע: „אָרעמע און פריילעכע״)

**מאשפות ירים אביון** (שמואל־א ב, 8)

פון די מיסטן דערהייבט גאָט דעם אָרעמאַן.

וואָס איז דאָ אַ סך צו שמועסן — מאשפות ירים אביון... יידן זענען געוואָרן כמעט ווי דאָס איבערשטע פון שטייסל.

(י. י. טרונק: „משיח־געוויטער״)

**מבטן ומלידה** (לויט הושע ט, 11) *

פון געבוירן אָן.

„די קליאַטשע״ איז איבערזעצט געוואָרן אויף פויליש דורכן הער קלעמענס יונאָשאַ, אַ קריסט מבטן ומלידה.

(נ. מייזיל: „דאָס מענדעלע־בוך״)

**מבין דבר מתוך דבר** (חגיגה יד)

פאַרשטייט איין זאַך פון דער אַנדערער.

איך האָב געדולדיק געזוכט, און וואָס איך האָב נישט געפונען, האָב איך אַלס מבין דבר מתוך דבר אַליין זיך אָנגעשטויסן.

(י. בריינין: „פון מיין לעבנסבוך״)

**מגדל הפורח באוויר** (לויט סנהדרין קו)

אַ טורעם וואָס פליט אין דער לופט. לופטשלאָס, אַ פאַנטאַזיע, אַ חלום.

עפּעס װײַזט מיר אױס דער גאַנצער מסחר אײַערער װי אַ מגדל הפּורח באװיר.

(מ. סמבטיון: „אַ פּאַרשפּעקטיקטע חרטה")

**מגדל** זײַן **לתורה, לחופּה ולמעשים טובים** *

דערציען צו תורה, צו חופּה און צו גוטע מעשים (ברכה־פּאַרמולע).

לחיים! גאָט זאָל העלפֿן, איר זאָלט זײ מגדל זײַן לתורה, לחופּה ולמעשים טובים!

(ש. מילער: „דור המדבר")

**מגע ומשא** *

באַרירונג, קאָנטאַקט.

דער מגע־ומשא מיט די ייִדישע מאַסן אין ניו־יאָרק האָט אױף מיר געמאַכט דעם טיפֿסטן אײַנדרוק.

(י. פּאַט: „שמועסן מיט שרײַבער אין ישראל")

**מדבר־שקר תרחק** (שמות כג, 7)

אַנטלױף פֿון שקר, פֿון פֿאַלשקײט דערװײַטער זיך.

מדבר־שקר תרחק — דורך יעדן פֿאַלשן דיבור, אפֿילו דורך יעדער פֿאַלשער תנועה, װערסטו דערװײַטערט פֿונעם אײבערשטן.

(ה. צײטלין: „חסידות")

**מדוע דרך רשעים צלחה?** (ירמיה יב, 1)

פֿאַר װאָס גײט דעם רשע גוט? פֿאַר װאָס איז דער רשע מצליח?

ערשט ירמיהו שטעלט דער ערשטער אַװעק דעם פּראָבלעם פֿון אינדיװיד און זײַנע גורלות. ער שטעלט די פֿראַגע: מדוע דרך רשעים צלחה?

(א. גאָלאָמב: „אײביקע װעגן פֿון אײביקן פֿאָלק")

**מדקדק כחוט השערה** (יבמות קכא) *

ער איז מדקדק אױף אַ האָר.

מיט אַזאַ צדיק ווי דער טריסקער איז מען טאַקע מדקדק כחוט השערה.

(י. ל. פרץ)

**מה אנו, מה חיינו?** (תפילה אין דער פרי)

וואָס זענען מיר, וואָס איז אונדזער לעבן?

מה אנו, מה חיינו? וואָס איז דען, פרעג איך אייך, דאָס יידישע לעבן אין גאַנצן?

(ממ״ס, לויט „דאָס מענדעלע־בוך״)

איז **מה טוב** *

איז גאָר גוט, איז אויסגעצייכנט.

אויב, זאָג איך, אַ באָרשטש איז מה טוב, אלא נישט — מאַכט נישט אויס... קנישעס אָדער קרעפּלעך...

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער״)

**מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד!** (תהילים קלג, 1)

ווי גוט און אָנגענעם, אַז ברידער זיצן צוזאַמען!

אָבער מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד — מיר קאָנען דאָך גוט פאַרברענגען צוזאַמען.

(ה. צייטלין: „ר׳ נ. בראַצלעווער״)

**מה טובו**

ווי גוט זענען (ערשטע ווערטער פון דאַוונען). באַצייכענונג פון אַן אָנהייב.

באַדאַרף איך אייך דערציילן איטלעכן באַזונדער, אָנהייבן אַלע מאָל פון מה טובו.

(ש״ע: „משוגעים״)

**מה טובו אוהליך יעקב!** (במדבר כד, 5)

ווי שיין זענען דיינע געצעלטן, יעקב!

מה טובו אוהליך יעקב — און דווקא אָט דעם פּסוק פון דער תורה,

וואָס מען שרייבט אים צו גאָר צו אַ גוי אַ רשע (בלעם), האָבן ייִדן גענומען פאַר אַן אָנהייב פון זייער טעגלעכן דאַווגען אין דעם לאַנגן גלות.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע ווענן פון אייביקן פאָלק")

**מה יום מימים (מיומיים)?** (איכה רבה, אנהייב)

וואָס איז היינט אַנדערש ווי תמיד? וואָס איז עפּעס היינט געשען?

זיי פּרוּוון אים דערצערענען, נאָר ער ענטפערט נישט קיין קרום וואָרט... מה יום מיומיים?

(י. באַשעוויס: „די עצה")

**מה יפית** (שבת־זמר) *

ווי שיין ביסטו.

יאָרן, דורות לאַנג זינגען מיר מה־יפית, אָבער אַז עס קומט צום לעצטן ניסיון שרייען מיר אויס: שמע ישראל!

(ש. אַש)

**מה לי לשקר?** (כתובות כז) *

צו וואָס דאַרף איך זאָגן אַ ליגן?

איך זאָג אייך דעם אמת! און צוריק געשמועסט, מה לי לשקר?

(י. ל. פּרץ)

**מה לכוהן בבית הקברות?** (שמות רבה ה)

וואָס טוט דער כוהן אויפן בית־הקברות (ווו ער טאָר זיך נישט געפינען ביים לעבן). וואָס טוט ער דאָרט? ס'איז דאָך נישט זיין פּלאַץ.

דאָס זענען זיי געװעכט. מה לכוהן בבית־הקברות? וואָס האָט אַ ייִד צו טאָן אין זייערע שקאָלעס?

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט")

**מה נאמר ומה נדבר?** (בראשית מד, 16)

וואָס וועלן מיר זאָגן און וואָס וועלן מיר רעדן?

מה נאמר ומה נדבר וועגן דער איבערזעצונג?... ווי קאָנען מיר רעדן אָן פאַרגלייכן מיטן אָריגינעלן טעקסט?

(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען")

**מה ענין שמיטה אצל הר סיני?** (ספרא, ויקרא בהר) *

ווי קומט שמיטה צום באַרג סיני? (פאַר וואָס ווערט דער ענין שמיטה געבראַכט אין אָנהייב פון דער פרשה „בהר סיני?". וואָס פאַר אַ שייכות האָבן די ביידע ענינים?

וואָס האָט דאָס פאַר אַ שייכות? מה ענין שמיטה אצל הר סיני?

(ש. ל. ציטראָן)

**מה שיעשה הזמן לא יעשה השכל** (שו"ת „חוט השני") *

וואָס דער שכל באַוויזט נישט אויפצוטאָן, מאַכט עס די צייט.

זאָל די צייט אַליין לייזן אָט דעם שווערן פּראָבלעם... מה שיעשה הזמן, לא יעשה השכל.

(י. באָטאָשאַנסקי: „די קעניגין פון דרום־אַמעריקע")

**מהאי טעמא**

צוליב דעם טעם, טאַקע צוליב דעם.

טאַקע מהאי טעמא האָט זי גענומען זינגען אויף רוסיש.

(ש. מילער: „דור המדבר")

**מהדרין מן המהדרין** (שבת כא)

די פרומסטע, די אָפּגעהיטנסטע.

נישט נאָר וועט איר זען ווי מען מאַכט די פּשוטע מצה, נאָר אפילו די מצה־שמורה, צוגעגרייט פאַר די מהדרין מן המהדרין.

(נ. ברוסילאָוו: „הא לחמא עניא")

**מהיום והלאה** (שמואל־א יח, 9) *

פון היינט אָן און ווייטער.

מהיום והלאה איז מען גוטע פריינד. שלום ושלווה, אויס פּריץ, אויס גוי, אויס ייד.

(ש"ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

**מהיכא־תיתי** (לויט הוריות פרק י) *

אדרבא, מיט פאַרגעניגן, זאָל אַזוי זיין.

אדרבא! — זאָגט בערל דער שניידער — מהיכא־תיתי... איך קאָן אפילו פאַר איך אַ דין־תורה האָבן!

(י. ל. פרץ: „בערל דער שניידער")

**מהפך זיין הקערה על פיה** (לויט בבא בתרא טז)

איבערקערן די שיסל. לייקענען אין גאָט. אַריינברענגען אַ צע־טומלעניש.

איך גיי און גיי, זוך און זוך, געפין נישט קיין שטעג און קיין וועג... און עס ווילט זיך מיר דאַן מהפך זיין הקערה על פיה.

(ה. צייטלין: „חסידות")

**מהרסייך ומחריבייך ממך יצאו** (ישעיה מט, 17)

דיינע צעשטערער און פאַרוויסטער וועלן אַרויסגיין פון דיר. די צעשטערער קומען פון פאָלק גופא.

מהרסיך ומחריביך ממך יצאו — וואָרעם וואָס איז אַ מבטל־מאַכער און אַ יאושיסט אויב נישט קיין צעשטערער?

(א. א. ראָבאַק: „די אימפעריע יידיש")

**מובן מאליו**

פאַרשטייט זיך, זעלבסטפאַרשטענדלעך.

דאָס איז מובן מאליו, דאָס איז פשוט און פאַרשטענדלעך פון זיך אַליין.

(י. האָפּער: „ר' תנחום")

**מודה על האמת** (אבות ה, ז)

איז מודה אויפן אמת.

דאָס איז אפשר די וויכטיקסטע מידה אין לעבן פון אַ פאָרשער — די פעיקייט צו זיין אַ מודה על האמת, נישט צו פאַרלייקענען דעם אייגענעם טעות.

(אהרן שטיינבערג: „שמעון דובנאָוו")

**מוות וחיים ביד לשון** (משלי יח, 21)

טויט און לעבן הענגען אָפּ פון דער צונג.

המוות והחיים ביד הלשון — דער מענטש אין זיין קענטעניש האָט פון זיין צונג געמאַכט אַ טאָפּלטן אינסטרומענט.

(נ. ברוסילאָוו: „ביי די טייכן פון פּאַלעסיע״)

**מוטב שאיקרא שוטה כל ימי ואל אהיה רשע שעה אחת**

(עדיות פרק ה)

בעסער אַז מען זאָל מיך רופן שוטה אַלע מיינע יאָרן און נישט זיין קיין רשע אפילו איין שעה.

אַ שוטה מעג מען נאָך אַ מאָל זיין, אָבער קיין רשע טאָר מען קיין מאָל נישט זיין: מוטב שאיקרא שוטה כל ימי ואל אהיה רשע שעה אחת.

(מ. סמבטיון: „די אויסגעבענקטע היים״)

**מוטל בספק** (יבמות לז)

עס איז אַ ספק, ס'איז נישט זיכער.

אַז געשווירענע יידישיסטן מוזן ניצן מאָסן ענגלישע ווערטער אין טאָג־טעגלעכן געשפּרעך איז מוטל בספק.

(א. א. ראָבאַק: „דער פאָלקסגייסט אין יידיש״)

**מוכן ומזומן** (פון דער תפילה ביים אריינגיין אין סוכה) •

אין גאַנצן גרייט.

מען איז אין מאָרק געקומען מוכן ומזומן אַ גראָשן צו פאַרדינען.

(ש. אַש)

**מומר להכעיס** •

אַ משומד אויף צו־להכעיס, אַ בייזוויליקער זינדיקער.

מיינט דאָך וועלטלעכקייט נישט צו זיין אַ מומר להכעיס, מיינט דאָך וועלטלעכקייט: מיר נעמען אָן די פּרינציפּן און יידישקייט פון פריערדיקע דורות.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק״)

**מוסר השכל** (משלי א, צ) *

אַ מסקנא, אַ לערן־געדאַנק.

דער מוסר־השכל ליגט אויף דער האַנט: איז אַ מענטש געבענטשט פון אויבן מיט נביאישן גייסט, איז ער אויפן גאַנצן לעבן אַן עבד ה׳ (גאָטס־קנעכט).

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט״)

**מוסר מודעה** זיין

עפנטלעך דערקלערן.

איך האָב זיי מוסר מודעה געווען, אַז פון מיר באַהאַלט מען זיך נישט.

(ש״ע: „גרינס אויף שבועות״)

**מועט המחזיק את המרובה** (לויט בראשית רבה ה)

דאָס ווייניקע, וואָס אַנטהאַלט אַ סך.

ווייניק ווערטער, אָבער זיי זאָגן אַ סך — מועט המחזיק את המרובה.

(ש. ניגער: „דערציילער און ראָמאַניסטן״)

**מוציא לחם מן הארץ** (ברכה איבער ברויט)

ברענגט אַרויס ברויט פון דער ערד.

[באַנדאַריאַוו] האָט אומעטום געפּרעדיקט די פליכט פון יעדן מענטש... צו אַקערן, זייען און שניידן... ער האָט געוואָלט, אַז יעדער מענטש זאָל זיין בפועל ממש אַ מוציא לחם מן הארץ.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט״)

**מוציא לעז** זיין (שבת צו) *

באַשמוצן עמעצן. רעדן שלעכטס אויף וועמען.

ווי פאַלט דיר איין אַזאַ זאַך? וואָס ביסטו מוציא לעז אויף אַ יידישער טאָכטער!

(י. האָפּער: „ר׳ תנחום״)

**מוקצה מחמת מיאוס** (שבת מד)

מען טאָר עס נישט אָנרירן (האַלטן אין האַנט) צוליב מיאוסקייט.
אַזאַ בייטעלע האַלטן אין די הענט איז מוקצה מחמת מיאוס.

(ש״ע: „מעשיות פאַר יידישע קינדער״)

**מורד במלכות** *

רעוואָלטירן קעגן מלכות.
איר ווידערשפעניגט? איר זענט מורד במלכות?

(ש״ע: „כפרות״)

**מורה־דרך** *

וועגווייזער. גייסטיקער מנהיג.
דעריבער איז ער (פּרץ) פון אונדז אַלעמען דערהייבן געוואָרן צו דער מדרגה פון אַ מורה־דרך.

(י. י. טרונק: „יהואש״)

**מורה־מורינו** *

לערער פון אונדזערע לערערס, גרויסער למדן, חשובער מענטש. (כבוד־טיטול אין די רבנישע קרייזן).
קיין שום טיטלען מיט לויבענישן, מיט מורה־מורינוס זאָל אויף מיין מצבה נישט זיין.

(ש״ע)

**מושב זקנים** (תהילים קז, 32) *

אַן אַנשטאַלט פאַר זקנים.
און אַ מושב־זקנים שטעל איך אַוועק, אַלטע יידן זאָלן זיך נישט וואַלגערן אין בית־המדרש.

(ש״ע)

**מושל בכיפה** (מגילה יא)

אומבאַגרענעצטער מושל. דיקטאַטאָר.
נייע צוויי צדדים, וואָס יעדער פון זיי וויל זיין אַ מושל בכיפה.

(ש. ניגער: „דערציילערס און ראָמאַניסטן״)

**מזג טוב** *

גוטע נאַטור. פײַנער כאַראַקטער.

ער איז געוואָרן אַ ווײכער מענטש, אַ דימענט, אַזאַ מזג טוב, אַז ס׳איז נישט צו גלייבן.

(י. באַשעוויס: „די עצה״)

**מזל מחכים, מזל מעשיר** (שבת קנו)

מזל מאַכט קלוג, מזל מאַכט רײַך.

אוי ווי נעמט מען אַ ביסעלע מזל? מזל מחכים, מזל מעשיר.

(מ. בורשטין)

**מזרע היהודים** (מגילת אסתר ו, 13)

פון יידישער אָפּשטאַמונג, פון יידן.

אַ יונגער־מאַנטשיק מיט אַ רויטן שניפּס, מיט אַ געגאָלט פּנים, נאָר מיט אַן אויסגעבויגענער נאָז, וואָס זעט אויס מזרע היהודים.

(ש״ע: „כל־נדרי״)

**מחוסר לחם** *

האָט נישט קיין ברויט צו עסן. אַ גרויסער אָרעמאַן.

קאָנסט ווערן, לא עליכם, אַ מחוסר לחם, אויסשטעלן די האַנט.

(י. ל. פּרץ: „דער בעל־שם פּירט אויס אַ שידוך״)

**מחוץ למחנה** (דברים כג, 11) *

אויסער דער מחנה (ווייט פון יידן).

ווען אָט די וואָרענונג זאָל זיך האָבן אויף וואָס צו שטיצן, וואָלט ער שוין לאַנג זיך געפונען מחוץ למחנה.

(ש. ניגער: „דערציילער און ראָמאַניסטן״)

**מחזיק טובה** זײַן (לויט אבות ב, ח)

דאַנקען. אויסדריקן אָנערקענונג.

איר דאַרפט אים אַלע מחזיק טובה זײַן פאַרן ספר.

(ה. צייטלין: „ר׳ נ. בראַצלאַווער״)

**מחזיר למוטב** זיין (לויט מגילה יד) *

אומקערן צום גוטן. אַרויפפירן אויפן גוטן וועג.

מען דאַרף מחזיר למוטב זיין, מוסר זאָגן, צום האַרץ רעדן.

(י. ל. פרץ: „חסידיש")

איז **מחזיר עטרה לישנה** (קדושין סו)

קערט צוריק אום די קרוין צום פריערדיקן (אַלטן) פּלאַץ. געמיינט: שטעלט איין די זאַך צוריק צום אַמאָליקן גוטן מצב.

חסידים פאַרטיפן נאָר דאָס יידישקייט און זענען מחזיר עטרה לישנה.

(ה. צייטלין: „חסידות")

**מחטיא את הרבים**

מאַכט זינדיקן אַנדערע. פאַרפירט מענטשן.

אין אַ האַנטבוך זענען פינף פינף גרייזן פינף מאָל פינף, מחמת דאָ איז יעדער גרייז עלול צו זיין אַ מחטיא את הרבים.

(א. א. ראָבאַק: „דער פאָלקסגייסט אין יידיש")

**מחיה מתים** זיין („שמונה עשרה") *

מאַכט פון טויט לעבעדיק, קערט אום די טויטע צוריק צום לעבן.

קאָנט האָט זי (די פילאָזאָפיע) געפּרוווט מחיה מתים זיין, אָבער ס'איז אים נישט געראָטן.

(י. באַשעוויס: „דאָס נאָכקרימעניש")

**מחיה נפשות** *

דערקוויקט די נשמה.

דאָס גראָז שמעקט מחיה נפשות. (ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**מחייל אל חייל** (תהילים פד, 8)

פון כוח צו כוח, פון הצלחה צו הצלחה, העכער און העכער.

מיט זיינע באַזונדערע פאָעטישע שאַפונגען איז ער (סלאָוואַצקי) זייט „קאָרדיאַן" געגאַנגען מחייל אל חייל.

(י. האָפּער: „יוליוש סלאָוואַצקי")

**מחלוקת לשם שמים** (אבות ה, יז) *

אַ מחלוקת פון גאָטס וועגן, אַן אידעישער שטרייט.

אַז די שטרייטן צווישן די גערער און אַלעקסאַנדער חסידים זענען אַ מחלוקת לשם שמים, אין דעם איז ר' תנחום געווען זיכער.

(י. האָפּער: „ר' תנחום")

**מחמיר שבמחמירים**

אַ גרויסער מחמיר, אַ גאָר שטרענגער.

איז דער צענזאָר אַ מחמיר שבמחמירים, ער טשעפּעט זיך צו ווערטער.

(נ. מײַזיל)

**מחשבות זרות** *

פרעמדע מחשבות, שלעכטע געדאַנקען.

אָט דאָס זענען מחשבות זרות, וואָס איז גאָרנישט אַזוי לײַכט צו פאַרטרײַבן פון זיך.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**מ"ט שערי־טומאה**

ביין און פּערציק מאָס טומאה, זייער אַ סך טומאה.

אין דאָסטאָיעווסקיס אויגן ליגט די גאַנצע וועלט... אין די מ"ט שערי־טומאה, און אַן רוסלאַנדס הילף קאָן זי גאָרנישט געריייניקט און דערלייזט ווערן.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**מטה־זעם**

אַ שטעקן פון צאָרן, אַ שטראָפשטעקן.

גאָר ווייטע מיסטיקער ווילן אפילו אין אַ היטלערן זען אַ באַרעכ־טיקטן מטה־זעם, גאָטס שטעקן אַנטקעגן אונדז.

(ה. לייוויק: „עסייען און רעדעס")

**מטה מטה** (דברים כח, 43)

אַראָפּ און אַראָפּ, נידעריקער און נידעריקער.

הויך הייבט זיך אָן דער ניגון אין פּרצס מעשה און ער פּאַלט מטה מטה.

(ב. האַגער, „די גאָלדענע קייט", 16)

איז **מטהר דעם שרץ בק"ן טעמים** (לויט עירובין יג)

ער איז מטהר דעם שרץ מיט הונדערט פופציק טעמים (ק"ן איז 150, ווייל ק׳ איז 100, נ׳ איז 50).

אין פּאָליטיק... איז מען מטהר בק"ן טעמים אַ שרץ.

(ממ"ס: „יודל")

**מי בראש?**

ווער זאָל שטיין אין שפּיץ? ווער זאָל אָנפירן?

הייבט זיך גלייך אויף די אַלטע פראַגע: מי בראש? ווער זאָל מיט דער אַרבעט אָנפירן?

(מ. בורשטין)

**מי ומי ההולכים?** (שמות י, 8) *

ווער זענען די מיטגייער? מיט וועמען גייט מען צום טיש?

עס איז נאָר געבליבן איין זאַך אויף צו באַשטימען: מי ומי ההולכים — ווער זאָל שפּילן?

(ש"ע: „קנאַרטן")

**מי יודע** (יונה ג, 9) *

ווער ווייסט.

מאַכן פון מיר אַ גאַנצן שלוש־סעודות, גלייך ווי איך וואָלט דאָ געווען מי יודע ווער.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**מי יחיה ומי ימות** (פון „ונתנה תוקף") *

ווער עס זאָל לעבן און ווער עס זאָל שטאַרבן.

ווער עס ווײנט אויפן מי ימות און ווער — אויפן מי יחיה.

(שפּריכוואָרט)

**מי ירום ומי יישפל** (לויט „ונתנה תוקף")

ווער עס זאָל ווערן דערהייבן, און ווער עס זאָל ווערן דערנידעריקט.

עס קומט אויס ווי מיר זאָגן אינעם ונתנה תוקף: מי ירום ומי יישפל — ווער עס פאָרט און ווער עס גייט צו פוס.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**מי ייתן כל עם ה' נביאים!** (במדבר יא, 29)

הלואי זאָלן אַלע יידן זיין נביאים!

מען לערנט עברית... אדרבא, מי יתן והיה כל עם ה' — עברית־קענער. עס זענען דאָך דאָ גוואַלדיקע אוצרות אין העברעיש, אוצרות פון אַלע דורות.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע ווענן פון אייביקן פאָלק")

**מי כעמך כישראל (גוי אחד בארץ)?** (שמואל־ב ז, 23)

וואָסער אומה (אויף דער ערד) איז אַזוי ווי דיין פאָלק ישראל?

מי כעמך ישראל...? ווי האָט אַן אַנדער פאָלק דערצו געקאָנט דערהייבן זיך?

(א. גאָלאָמב: „אייביקע ווענן פון אייביקן פאָלק")

**„מי שברך"** *

„דער וואָס האָט געבענטשט" (אַ מי שברך מאַכט מען דעם, וואָס איז עולה לתורה און אויך די געסט אויף אַ רעליגיעזער שמחה). פאָלקס־טימלעך: אַ שאַרף זידלוואָרט.

מאָנדריש, וואָס שווייגסטו? מאַך זיי אַ מי שברך די נגידים פון שטאָט!

(ש"ע: „ביים קעניג אחשוורוש")

**מי שטרח בערב שבת אוכל בשבת** (עבודה זרה ג)

ווער עס האָט אָנגעגרייט פריִיטיק, עסט שבת.

פון איצט אָן וועט ער מוזן לעבן פון גרייטן... מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת.

(י. באַשעוויס: „משניות")

**מי שיש לו מאה רוצה מאתיים** (לויט קוהלת רבה א)

וועד עס פאַרמאָגט הונדערט [גילדן], וויל צוויי הונדערט.

אָבער מאַכן אַ קאַפּיטאַל, ברודערקע, דאָס איז דאָך פון די זאַכן שאין להם שיעור, ווייל מי שיש לו מאה רוצה מאתיים.

(מ. סמבטיון: „אַ פאַרשפּעטיקטע חרטה״)

**מי שמך?** (שמות ב, 14)

ווער האָט דיך געמאַכט (פאַר אַ שופט, פאַר אַ מנהיג)?

קומט אָבער צו אַ התמנות, אָדער אַזוי עמעצן אָנטאָן אַ כבוד, ווערט אַ טומל: מי שמך? פאַר וואָס קומט אים? און וואָס עפּעס יענער, נישט איך?

(ש״ע: „כתרילעװקער פּראָגרעס״)

**מידה כנגד מידה** (נדרים לב) *

מאָס פאַר מאָס. דאָס אַפּצאָלן יענעם אַזוי ווי ער האָט פאַרדינט.

איך האָב נישט געקאַרגט און אים באַצאָלט מידה כנגד מידה, ווייל... איך האָב ליב אָפּצאָלן און זיך אָפּרעכענען.

(ממ״ס, לויט „דאָס מענדעלע־בוך״)

**מידה מגונה** *

אַ מיאוסע מידה.

נאָכטאָן, נאָכקרימען אַן אַנדערן איז אַ מידה מגונה, אַ מיאוסע מידה.

(י. ל. פּרץ: „דער עונש״)

**מידות טובות** *

גוטע מידות, פיינע זיטן.

עס איז נישטאָ אפילו דאָ וואָס זיך אויסצולערנען, מען זעט גאָר נישט קיין מידות טובות, מען זעט גאָרנישט!

(ש. אַש: „דער תהילים־ייד״)

**מידת הדין** (סנהדרין צד) *

מיט דער שטרענגקייט פון דין, אָן רחמים.

אָבער ווי לאַנג קאָן מען גיין מיט מידת־הדין? אַלע זענען אים געוואָרן שונאים.

(י. באַשעוויס: „די עצה")

**מידת הרחמים** (ברכות ז) *

מילדקייט, דאָס אָנווענדן דאָס געזעץ מיט רחמנות.

מידת־הרחמים וואַקסט פון טאָג צו טאָג.

(י. ל. פרץ: „וואָס אַ מאָל חייניקער")

**מידת־סדום** *

שלעכטע מידה, מיאוסע אויפפירונג (אַזוי ווי אין סדום).

מיט וואָס וועט איר פאַרענטפערן אַ מעשה נבלה אַזאַ, אַ רציחה? ס'איז דאָך מידת־סדום!

(ב. האַגער: „מלכות חסידות")

**מים גנובים ימתקו** (משלי ט, 16)

געגנבעטע וואַסער איז זיס. פאַרבאָטענע זאַכן זענען ליב.

ער פלעגט איבערדרייען דעם זייגער אויף צוריק... און ווייטער לערנען. דער רב פלעגט אויף דעם זאָגן: מים גנובים ימתקו!

(ה. צייטלין: „אַריינפיר אין חסידות")

**מים אחרונים** (ברכות מו) *

לעצטע וואַסער. וואַסער צו וואַשן די הענט נאָכן עסן (פאַרן בענטשן).

אָפּגעגעסן, האָט ער דערלאַנגט דאָס קעלישיקל וואַסער, מים אח־רונים.

(ש. מילער: „דור המדבר")

**מיקח וממכר** (בבא מציעא עט) *

איינקויף און פאַרקויף. האַנדל, מסחר.

מענטשן זאָלן פּטור ווערן פון דער האַנדלעריי, פון דעם מקח־וממכריזם.

(ד"ר ח. זשיטלאָווסקי)

**מיקח טעות** (בבא בתרא פרק ו, ג) *

אַן אָפּגענאַרטע זאַך.

נישט קיין ווייב, נאָר אַ פּגע... אַ מיקח טעות!

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט")

**מיתה משונה** (שבת קנו) *

אומנאַטירלעכער טויט (פּלוצעמדיקער טויט ביי אַ יונגען מענטשן).

וואָלט איך בעסער אין וועג איינגענומען אַ מיתה משונה, איידער איך בין געקומען אַהער.

(ש"ע: „די רויטע יידלעך")

**מיתת־נשיקה** (מועד קטן כח)

געשטאָרבן מיט אַ קוש. (געמיינט: פּלוצעמדיקער טויט פון אַ זקן).

נישט אין יעדן יידן איז דער ווילן צו יידיש־לעבן גלייך, און פיל יידן קאָנען נאָך שטאַרבן אַ מיתת־נשיקה.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**מכה אשר לא כתובה בתורה** (דברים כח, 61) *

אַ מכה וואָס שטייט נישט געשריבן אין דער תורה (אין דער תוכחה). אַ גרויס אומגליק.

אַ „קנעפּל" אַ נקי־כפּימניק — דאָס איז אַ מכה אשר לא כתובה בתורה.

(ש"ע: „לשנה טובה")

**מכות רצח** *

מערדערישע קלעפּ.

די יינגערע [קינדער] האָט זי פאַר דעם מינדסטן נישט־פאָלגן... געגעבן קלעפּ, טייל מאָל געשלאָגן מכות־רצח.

(י. האָפער: „ר' תנחום")

**מכיר טובה** זיין

געדענקען אַ טובה, דאַנקבאַר זיין.

פאַר וואָס ער איז אַזאַ ווילדע בריאה וואָס איז נישט מכיר טובה, ווען מען האַלט אים אין אַזאַ מחיהדיקן פלאָץ און מען פאַשעט אים אויס.

(א. א. ראָבאַק: „די אימפּעריע יידיש")

**מכל מלמדי השכלתי** (תהילים קיט, 99)

פון אַלע לערער האָב איך געלערנט חכמה, איך האָב געלערנט פון יעדן מענטש.

די באַטראַכטונג מכל מלמדי השכלתי שליסט נישט אויס די שונאים.

(א. א. ראָבאַק: „די אימפּעריע יידיש")

**מכת מדינה** (בבא מציעא פרק ט) *

אַ לאַנדפּלאָג, אַ צרה וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד.

די דאָזיקע ברואים זענען אַ מכת־מדינה, זיי זענען פאַרשפּרייט אומעטום.

(ממ"ס)

**מלא גדולה**

פול מיט גדולה. פול מיט פרייד.

רחל איז שטענדיק מלא גדולה און שימחה, אַזוי לוסטיק און זאָרגלאָז.

(א. שטיינמאַן: „די הייל פון דער מכפלה")

**מלא גזלן** *

פול מיט צאָרן, מיט בייזקייט.

ווערט דער קאָנדוקטאָר מלא גזלן, טוט אַ צי ביי אַ שטריק, שטעלט אָפּ דעם טראַמוויי און וואַרפט אונדז אַרויס.

(ש"ע: „לאָנדאָן, פאַר וואָס ברענסטו נישט?")

**מלא וגדוש** *

פול און אָנגעשטאָפּט. פול מיט תורה. אָנגעשטאָפּט מיט וויסן.

אַ יונגער־מאַן נאָך פאַר די שלושים, אָבער מלא וגדוש, האָט ש״ס אויפן קאָפּ.

(י. באַשעוויס : „מעשה טישעוויץ״)

## מלא חימה *

פול מיט צאָרן, פול מיט כעס.

פלעגט ער זיך אָנצינדן, ווערן מלא חימה.

(ש״ע)

## מלא חן *

פול מיט סימפּאַטיע, זייער שיין.

אויסגעוואַקסן איז זי באָר. אויסגעוואַקסן און שענער געוואָרן... הויך און שלאַנק און רייף און מלא חן.

(ש״ע : „שיר השירים״)

## מלא טעם

פול מיט טעם, זייער געשמאַק.

נישט איין מאָל [האָט ער] מיך פאַרבעטן מיטצועסן אַ געשמאַק, פריש, קרוכלע רעפטל, און עס האָט געהאַט מלא טעם.

(מ. ראַוויטש : „דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן״)

## מלא רציחה *

פול מיט בייזקייט.

הינט האָבן אַ טבע : ווי באַלד זיי דערזעען פאַר זיך אַ לאַנגע קאַפּאָטע, אַזוי ווערן זיי מלא רציחה.

(ש״ע)

## מלוא כל הארץ כבודו (ישעיה ו, 3)

די גאַנצע ערד (וועלט) איז פול מיט גאָטס פּראַכט.

אומעטום איז ער (דער באַשעפער) דאָך דאָ, מלוא כל הארץ כבודו ! אין יעדן בוים און אין יעדן גרעזל אפילו איז ער דאָך פאַראַן.

(י. האָפּער : „ר׳ תנחום״)

**מלוא קומתו** (שמואל־א כח, 20) *

אין זײַן פולן װוקס, אין זײַן גאַנצער הויך (גלײַך אויסגעצויגן).

פלוצלינג שטעלט ער זיך אויף מלא קומתו, גלײַך אַ בוים װאָלט אַרויסגעשפּרונגען פון דער ערד.

(י. ל. פּרץ: „אַן אַפּקומעניש״).

**מלאך־המוות** (בבא קמא ס) *

מלאך פון טויט.

דער מלאך־המוות פרעגט נישט, צי דער מת האָט תכריכים.

(ש״ע: „מנחם מענדל״).

**מלאכה בזויה** *

אַ מיאוסע מלאכה, נישט קיין שײנע אַרבעט.

ס׳איז אַ מלאכה בזויה, מען דאַרף האָבן צו טאָן מיט עמי־הארצים.

(י. ל. פּרץ).

**מלאכי חבלה** (שבת נה) *

שלעכטע מלאכים, שעדיקער (דיוועראַנטן).

אַ גיהנום ברענט, שדים טאַנצן, מלאכי חבלה פירן אַ פײַערדיקן ראָד.

(י. ל. פּרץ: „אַ גילגול פון אַ ניגון״).

**מלאכת הקודש**

הײליקע אַרבעט.

עס װעט מיר דערבײַ אויסקומען צוצולײגן בײדע הענט צו דובנאָװס מלאכת־הקודש.

(א. שטײנבערג: „שמעון דובנאָװ״).

**מלה בסלע — שתיקה בתרין** (מגילה יח)

אַ װאָרט איז װערט אַ טאָלער און שװײַגן — צװײ.

מלה בסלע, שתיקה בתרין — אַ תּלמיד־חכם דאַרף וויסן ווען צו שווייגן.

(י. י. זינגער)

## מלווה מלכה *

פייערלעכע סעודה מוצאי־שבת (צום געזעגענען די מלכה־שבת).

גאַנץ טאָלנע איז געשטאַנען אויף מלווה־מלכהס, און דער עיקר מלווה־מלכה איז געווען דער ניגון.

(י. ל. פּרץ: „אַ גילגול פון אַ ניגון")

## מלח ממון חסר (כתובות סו)

נישטאָ קיין זאַלץ אויף איינצוזאַלצן געלט.

פאַראַן אַ ווערטל: מלח ממון חסר — געלט האַלט זיך נישט לאַנג, עס ווערט גיך צעטרענצלט.

(ש. ל. ציטראָן)

## מלחך פנכי, מלחכי פנכי (פסחים מט)

טעלער־לעקער, טעלער־לעקערס (חנפנים).

געוויס וועט איר דאָך וועלן מיטנעמען אין דעם געבענטשטן לאַנד אונדזערע קהילה קדישא מיט דער גאַנצער כאַפּטע כלי־קודש... מיט די מלחכי פנכאס.

(א. מ. דיק, לויט ש. ל. ציטראָן)

## מלי (מילי) דעלמא (שבת פב)

וועלטזאַכן.

מיט כפירה קאָן מען ווייט נישט דערגיין, אַפילו במילי־דעלמא.

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט")

## מליץ יושר (פיוט פון ימים נוראים) *

פאַרטיידיקער. אַדוואָקאַט.

ווער בין איך און וואָס בין איך, אַז איך זאָל זיין אַ מליץ־יושר פאַר אייך?

(ש. אַש: „דער תהילים־ייד")

**מלך אביון** (פיוט פון ראש־השנה)

אַ קעניג אָן אביון. באַצייכענונג פאַר אַ קעניג אויף דער ערד.

קעגן וועמען דאַרף איך שטרייקן? — קעגן דלות, קעגן דעם מלך אביון, קעגן ניקאָלאַיקען.

(ש. מילער: „דור המדבר")

**מלכות שדי, מלכות שמים** (ברכות פרק ב)

גאָטס מלכות, הימליש קעניגרייך. אַ יושרדיקע און גערעכטע אָרדענונג אויף דער וועלט.

אין דעם קונפּטיקן מלכות־שדי זעט ער פּלאַץ פאַר דער גאַנצער דערלייזטער מענטשהייט.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

דער מאָראַלישער ענטוזיאַזם איז געצווונגען זיך צו באַפרידיקן מיט די סימבאָלישע פאָרשטייער פון דעם צוקונפטיקן מלכות־שמים.

(ל. לערער: „מיטלען און צילן")

**מלמד זכות** זיין (סנהדרין פרק ד) *

גוטזאָגן, פאַרטיידיקן, פאַרענטפערן.

אברהם שטעלט זיך איין פאַר סדום, ער איז מלמד זכות אויף איר.

(אַבאַ גאָרדין: „מאָראַל אין יידישן לעבן")

**מלתא (מילתא) דבדיחותא**

אַ גלייכווערטל, אַ וויץ.

איך וועל אייך זאָגן אַ גלייכווערטל, אַ מילתא דבדיחותא.

(י. ל. פרץ)

**ממה נפשך** (ירושלמי, ברכות פרק ב) *

איינס פון די ביידע. אָדער, אָדער.

איטלעכע זאַך מוז דאָך האָבן אַן עק! ממה־נפשך, אָדער אַהין אָדער אַהער.

(ש"ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

**ממלכת כוהנים וגוי קדוש** (שמות יט, 6)

אַ כוהנים־מלוכה און אַ הייליק פֿאָלק.

משה, דער גרויסער טרוימער... האָט טאַקע פֿאַרטראַכט צו נעמען אַן אַנגעליטן, אויסגעמאַטערט פֿאָלק און עס מאַכן פֿאַר אַ ממלכת כוהנים וגוי קדוש — אַ מוסטערפֿאָלק.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע ווערן פֿון אייביקן פֿאָלק")

**ממשה ועד משה לא קם כמשה**

פֿון משה רבנו איז נישט געווען ביי יידן אַזאַ גדול אין תורה ווי משה בן מימון (רמב"ם).

אַ סך שטאַרקער האָט באַקעמפֿט יעדע מאַטעריאַליזאַציע פֿון גאָט דער גיגאַנטישער גאון פֿון יידישקייט — דער רמב"ם, וואָס אויף אים זאָגט מען: „ממשה ועד משה לא קם כמשה".

(א. גאָלאָמב: „אייביקע ווערן פֿון אייביקן פֿאָלק")

**ממשלת זדון** (שמונה־עשרה פֿון די ימים נוראים)

רשעותדיקע ממשלה. יידן־פֿיינטלעכע רעגירונג.

וואָס פֿריער זיך באַגעגענען מיט אדום אָדער רוים, כדי צו מאַכן וואָס פֿריער אַ סוף צו אָט דער ממשלת זדון.

(ש. ניגער: „דערציילער און ראָמאַניסטן")

**מן התורה מניין**

ווו געפֿינט זיך דאָס אין דער תורה? ווו שטייט עס געשריבן?

דער תלמוד האָט אויף אַלע נייע און זיין צייט איינפֿירונגען געזוכט צו געפֿינען דעם מן התורה מניין — ווי שטאַמט דאָס נייע פֿון דעם אַלטן?

(א. גאָלאָמב: „אייביקע ווערן פֿון אייביקן פֿאָלק")

**מנה יפה** *

שיינע גאָב, גוטער חלק, היפּשע פּאָרציע, גרויסע סומע.

דאָרט ליגט אַ „זאָדעק" (הינטער־חלק) אַ מנה יפה, פֿעט, מיט שמאַלץ באַוואַקסן. (ש"ע: „ראַבטשיק")

**מנהג העולם** (לויט ברכות נה) *

דער מנהג פון דער וועלט. ווי די וועלט פירט זיך.

דער מנהג העולם איז שוין אַזוי פון קדמונים, אַז מיר לעבן אומעטום איינער פון אַנדערן.

(ש"ע : „אַ וויגרישנע בילעט")

**מנוחת־עולמים**

אייביקע רו.

ער האָט זוכה געווען אַרויפצוגיין אויפן „סולם" (אויפן לייטער) פון עליה קיין ישראל און דאָרט געפונען זיין מנוחת־עולמים.

(נ. שמן : „דאָס געזאַנג פון חסידות")

**מנחם אבל** זיין *

טרייסטן דעם אבל (אין די טעג פון שבעה־זיצן).

נישטאָ, הערט איר, קיין ערגערער וויזיט אויף דער וועלט ווי מנחם אבל זיין.

(ש"ע : „אַ וויגרישנע בילעט")

**מניה וביה** *

ווי פון זיך אַלייך. בליץ־שנעל, אין איין מינוט.

זי האָט אים תיכף, מניה וביה, אָפּגעענטפערט.

(י. האָפּער : „ר' תנחום")

**מסיג (משיג) גבול** זיין (לויט דברים יט, 14)

פאַרלעצן יענעמס חזקה־רעכט (אויסכאַפּן יענעמס פרנסה, אויס־דינגען אַ זאַך אד"גל).

צו האָבן דין־תורהס מיט יידן, וואָס האָבן אים משיג־גבול געווען.

(י. ל. פרץ : „אַראָפּגעלאָזטע אויגן")

**מסיח דעת** זיין (לויט יומא ח)

נישט טראַכטן מער וועגן דעם, נישט אין זינען האָבן (פאַרגעסן).

ער האָט לגמרי נישט מסיח־דעת געווען פון דער תורה אפילו אויף א רגע.

(נ. שמן: „דאָס געזאַנג פון חסידות")

**מסיח (משיח) לפי תומו** (יבמות קכב) *

דערציילט סתם אַזוי (אָן וועלכער ס'איז כוונה).

דערציילט בענדיצקי ווי אַ מסיח לפי תומו.

(ש"ע: „פונעם יאַריד")

**מסירות־נפש, מסירת־נפש** *

טרייזשאַפט, איבערגעגעבנקייט, גרייטקייט צו אָפּגעבן דאָס לעבן.

מסירת־נפש איז ביי יידן ברוך השם גאָר אַן אָפּטע דערשיינונג.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

**מסתפק במועט** (לויט חגיגה יז) *

ער באַגנוגנט זיך מיט ווייניק.

ער צופּט ווי אַ פייגעלע שבת־שירה — מסתפק במועט.

(י. ל. פרץ: „חסידיש")

**מעבדות לחרות** (פסחים פרק י) *

פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט.

וויפל יידישע הענט עס האָבן זיי אַרויסגעצויגן און אַריינגעצויגן מעבדות לחרות.

(י. ל. פרץ)

**מעביר נחלה** זיין *

אָפּזאָגן פון דער נחלה, אָפּזאָגן פון ירושה־רעכט.

זי (חמא) האָט מורא געהאַט, אַז דער פאָטער האָט אין זיין צוואה מעביר־נחלה געווען נישט בלויז אַבראַמען, נאָר אויך זי, חמאן, און די טעכטער.

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט")

**„מעבר יבוק"** (בראשית לב, 23) *

דורכגאַנג איבערן טײַך יבוק. נאָמען פון דער תפילות־זאַמלונג פאַר אַ חולה מסוכן.

עס שמעקט מיט מעבר־יבוק, מיט יענער וועלט.

(ש"ע : „אויף פסח אַהיים")

**מעבר לים** (דברים ל, 13)

פון יענער זײַט ים. פון ווײַטע מקומות.

איך וויל נישט דערצײַלן קיין מעשה מעבר לים... נאָר אַ זאַך וואָס האָט זיך געטראָפן דאָ.

(י. ל. פרץ : „פון יוחנן מלמדס מעשהלעך")

**מעדני מלך** (בראשית מט, 20) *

קעניגלעכע מאכלים.

אײַנגעמאַכטסן אַלערליי מיט פרישע אייערבייגל — מעדני מלך.

(ש"ע : „לשנה טובה")

**מעור אחד** (מנחות לד)

פון איין הויט (פעל). פון איין סאָרט.

וואָס איז שייך צו „קיצור מסעות בנימין השלישי", איז עס מענ־דעלעס ערשטע דערצײַלונג מעור אחד, פון איין גוס.

(ש. ניגער : „דערצײַלער און ראָמאַניסטן")

**מעורב עם הבריות** (לויט כתובות יז)

אויסגעמישט מיט אַלע. צוגעלאָזט צו מענטשן, מיט אַלעמען היימיש.

ער איז געווען מיט חסידים אַ חסיד און מיט אַריסטאָקראַטן אַן אַריסטאָקראַט — דאָס וואָס הייסט ביי אונדז אַ מעורב עם הבריות.

(ש"ע : „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

**מעות־חטים** *

געלט אויף ווייץ (צו באַקן מצות). הילף אויף פסח.

זאָגט רבקה ביילע: גיי אַריבער צו קהל און נעם מעות־חיטים.

(י. ל. פרץ: „דער קונצנמאַכער“)

**מעז יצא מתוק** (שופטים יד, 14)

פון שטאַרקן האָט זיך באַקומען זיסקייט. פון שלעכטס באַקומט זיך אַ מאָל אויך גוטס.

מעז יצא מתוק — חידושערס פאַרגאַבטע, קוקט אומיסטן: שפּראָצן נישט בלומען פון מיסטן?

(י. גאָלדקאָרן: „עפּיגראַמאַטיש“)

**מעיין המתגבר, כמעין המתגבר** (אבות ב, ח)

(ווי) אַ שטראָמיקער קוואַל. באַצייכענונג פאַר אַ גרויסן תלמיד־חכם.

עס צעגיסט זיך מיין וואָרט ווי אַ מעין המתגבר.

(ה. צייטלין: „חסידות“)

**מעיין נובע, כמעין הנובע** (בבא בתרא קעה)

(ווי) אַ קוואַל וואָס פליסט כסדר (און שעפּט זיך נישט אויס).

איצט נאָך שרייבט ער אויך זייער לייכט און זייער פיל, איז אַ מעין נובע.

(ר. בריינין: „פון מיין לעבנסבוך“)

**מעלה גירה** זיין (לויט ויקרא יא, 4) *

איבערקייען. איבערחזרן דאָס געזאָגטע.

דער אָקס ליגט זיך אויסגעצויגן און מעלה־גרהט.

(ממ״ס)

צו וואָס איבערחזרן כסדר, צו וואָס מעלה־גרהן?

(מ. בורשטין)

**מעלה מעלה** (דברים כח, 43)

אַרויף און אַרויף, העכער און העכער.

דער עולם האָט נאָך אַלץ געפּראַוועט די שמחה, געפּרייט און דערהויבן מעלה מעלה.

(ב. האַגער: „מלכות חסידות״)

**מעלין בקודש ואין מורידין** (ברכות כח)

אין הייליקע זאַכן דאַרף מען אַרויפשטייגן און נישט אַראָפּשטייגן.

מעלין בקודש ולא מורידין... אַ בעל־מדרגה, אויב מען איז עס איין מאָל געווען, קאָן מען נישט אויפהערן צו זיין.

(י. האָפּער: „ר׳ תנחום״)

**מעמד הר־סיני** (מדרש זוטא, שיר השירים א)

פייערלעכער אַקט פון באַקומען די תורה ביים באַרג סיני.

דער מעמד הר־סיני איז נישט געווען קיין איינמאָליקע דער־שיינונג... אונדזער מעמד הר־סיני איז אַ פּראָצעס, וואָס ענדיקט זיך נישט.

(א. גאָלאָמב: „רבן שמעון ראַבּידאָוויטש״)

**מענה־לשון** (משלי טו, 1) *

אַ ריכטיקער ענטפער. אַ געשליפן צינגל, באַרעדעוודיקייט.

און ער נעמט און לייגט אַוועק... אַ מענה־לשון.

(ש״ע: „לשנה טובה״)

**מענה רך ישיב חימה** (משלי טו, 1)

אַ ווייכער ענטפער שטילט דעם כעס.

נאָך וואָס זיך כעסן... מיט גוטן ווערטער בעסער מאַכן... מענה רך ישיב חימה.

(מ. בורשטין)

**מערת המכפלה** *

קבר־הייל ביי חברון (וווּ ס׳זענען באַגראָבן די יידישע אבות און אמהות, חוץ רחל).

אַלץ האָט שוין אויסגעזען ווי געשטאָרבן, דאָס גאַנצע שטיבל — אַ שטילע מערת המכפלה.

(י. מ. ווייסנבערג)

## מעשה אבות סימן לבנים (בראשית רבה מח)

די מעשים פון די עלטערן זענען אַ וועגווייזער פאַר די קינדער.

[דאָס פאָלק] האַלט זיך ביי זיין אַנדערשקייט... אַזוי דער ערשטער ייד און אַזוי דער גאַנצער אָפּשטאַם — מעשה אבות סימן לבנים.

(א. גאָלאָמב : „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

## מעשה בראשית (שמות רבה טו) *

וועלטבאַשאַף. גרויסע שאַפונג־אַרבעט.

דאָ איז דער ריכטיקער פּלאַץ פאַר נייע מעשי־בראשית. זיי וואַרטן: די ערד און דער גורל.

(מ. גראָס־צימערמאַן : „אינטימער ווידעראַנאַנד")

## מעשה בתוך מעשה *

אַ מעשה אין אַ מעשה. איין דערציילונג קייטלט זיך מיט דער אַנדערער.

די מעשה וואָס איך וויל אייך דערציילן, וועט זיין ווי אַ רעדל אין ראָד, אַ מעשה בתוך מעשה.

(י. ל. פּרץ : „פון יוחנן מלמדס מעשהלעך")

## מעשה נערות (בראשית רבה פד)

קינדערישע זאַכן, ייִנגלישע שטיק, נישט־ערנסטע אויפפירונג.

ער האָט געהאַט אַ באַדערפעניש זי אָנצוגעמען ביי דער האַנט און גלעטן... אָבער דאָס וואָלט געווען מעשי־נערות.

(י. באַשעוויס : „די פאַמיליע מושקאַט")

## מעשה סדום *

סדומישע מעשים. נידערטרעכטיקע טאַט.

די וואַרשעווער זולל וסובאס לעבן מיט פרעמדע ווייבער, טוען אַפּ מעשי־סדום.

(י. אָפּאַטאָשו: „אין פּוילישע וועלדער")

**מעשה שהיה** (חגיגה כב) *

אַ זאַך וואָס איז געשען.

אַ מעשה שהיה, וואָס מיט מיר אַליין האָט געטראָפן.

(ש"ע: „אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט")

**מעשה שהיה כך היה** (כתובות ז)

די זאַך האָט אַזוי פּאַסירט.

און אַזוי וואָלט זיך אָפּלויפן דער פסח, ווען עס זאָל זיך נישט טרעפן אַ מעשה, ומעשה שהיה כך היה.

(ש"ע: „אַ פריער פסח")

**מעשה שטן** *

אַן אויפטו פון טייוול, אויף צו להכעיס.

מאַכט זיך אָבער, מעשה שטן, אַזאַ מעשה. (י. ל. פרץ: „מסירת נפש")

**מעשי ידי טובעים בים ואתם אומרים שירה?!** (מגילה י)

מיינע קינדער טרינקען זיך אין ים, און איר פרייט אייך און זאָגט שירה?!

צי איז איצט אַ צייט נהנה צו זיין מזיו השכינה? מעשי ידי טובעים בים, ואתם אומרים שירה?

(ש. אַש: „דער תהילים־ייד")

**מעשיך יקרבוך ומעשיך ירחקוך** (עדויות פרק ה, ז)

דיינע (גוטע) מעשים וועלן דיך דערנענטערן און דיינע (שלעכטע) מעשים וועלן דיך דערווייטערן.

ביי די נביאים קומט אַרויס די געזעצמעסיקייט פון דער וועלט נאָך בולטער, עס קומט אויס טאַקע: מעשיך יקרבוך ומעשיך ירחקוך.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

**מעשים אשר לא ייעשו** (בראשית כ, 9) *

זאַכן וואָס ווערן נישט געטאָן.

ער ברעכט דורך מויערן, אייזערנע ווענט, ער טוט מעשים אשר לא ייעשו.

(ש״ע: „דאָס דריידל״)

**מעשים בכל יום** (סוכה מד) *

זאַכן וואָס געשעען יעדן טאָג.

דאָ האָט מען זיך צו רעכענען נישט מיט מעשים בכל יום, נאָר מיט אַ העכערער מאַכט.

(א. א. ראָבאַק: „די אימפעריע יידיש״)

**מעשי־תעתועים, „מעשים תעתועים״** (לויט ירמיה י, 15) *

פאַרפירערישע מעשים. שאַנדטאַטן.

ער דעקט אויף די מעשים־תעתועים פון דעם וואַרשעווער יודנראַט.

(ד״ר ר. מאהלער)

**מפה אל פה** (עזרא ט, 11)

פון עק צו עק (איבערפולט).

דאָס גרויסע בית־המדרש איז געווען פול מפה אל פה, מען האָט אָנגעהויבן זאָגן די סליחות. (י. האָפער: „ר׳ תנחום״)

**מפי הגבורה** (שבת פח)

פון גאָטס מויל. נישט אָפּצופרעגן.

נישט אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט איז געווען מפי הגבורה.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט״)

**מפני דרכי שלום** (גיטין נט)

פון שלום וועגן.

ער זאָל מפני דרכי שלום... מסכים זיין זיי אַ האַנט געבן און גיין מיט זיי אין איין רעדל.

(דער נסתר: „דערציילונגען און עסייען״)

**מפני הרעה נאסף הצדיק** (ישעיה נז, 1)

איידער עס קומט דאָס שלעכטס גייט פריער דער צדיק אַוועק פון דער וועלט.

געזאָגט האָט מען: מפני הרעה נאסף הצדיק — איידער עס האָט געזאָלט חס־ושלום קומען צו עפּעס שלעכטס, האָט מען נאָסקען צו־גענומען. (י. ל. פּרץ: „ער ז״ל און זיינע מקורבים״)

**מצא** אָדער **מוצא?** (לויט ברכות ח)

צי איז ביי אים ווי דער פּסוק מצא פון משלי („ווער ס'האָט געפונען אַ פרוי האָט געפונען גליק״), אָדער ווי דער פּסוק מוצא פון קוהלת („איך געפין איין, אַז די פרוי איז ערגער פון טויט״)?

ער האָט געהערט, אַז מען פלעגט פרעגן אַ יונגן־מאַן: צי איז זיין פאַל איז מצא פון משלי, וואָס מיינט, אַז ער האָט געטראָפן מיט זיין ווייב, אָדער מוצא פון קוהלת, אַז דאָס ווייב וואָס ער האָט גענומען איז ביטערער פון טויט.

(ש. סאַפּיר: „שלמה מיימון״)

**מצא אישה — מצא טוב** (משלי יח, 22)

ווער עס האָט געפונען אַ ווייב האָט געפונען גליק.

[מען] האָט פאַרגעלייענט די תנאים... מצא אישה מצא טוב.

(ש. אַפּטער: „אין אַ נייער וועלט״)

**מצא מין את מינו** (עירובין ט)

געפונען זיין גלייכן.

שיינע חברים האָסטו זיך אויסגעקליבן! מצא מין את מינו!

(מ. באַריישא)

**מצווה גוררת מצווה** (אבות ד, יב)

איין מצווה ברענגט צו טאָן נאָך אַ מצווה.

מצווה גוררת מצווה... די באַנוצטע מיטלען פירן נויטווענדיק צו רעזולטאַטן, וואָס זענען לאָגיש און מאָראַליש מיט זיי געקייטלט.

(ל. לערער: „מיטלען און צילן״)

**מצווה שבאה לידך אל תחמיצנה** (מכילתא בוא)

קומט דיר אונטער צו טאָן אַ מצווה, פֿאַרשפּעטיק זי נישט.

מצווה שבאה לידך אל תחמיצנה — לייג נישט אָפּ די מצווה אויף מאָרגן, ווייל עס קאָן זיין צו שפּעט.

(ח. גרינבערג)

**מצוות אנשים מלומדה** (ישעיה כט, 13)

אַן אויסגעלערנטע מצווה. אַ זאַך וואָס מען טוט בלויז פֿון רגילות (אָן כוונה).

נישט מצוות אנשים מלומדה, נאָר אויף זיין אייגן לייב אויף ס׳ניי אויסצופּרוּוון, אויפֿצולעבן יעדע מצווה.

(ש. אַש: „דער תהילים־ייד״)

**מקבל באהבה** זיין *

אָננעמען פֿאַר ליב.

גייענדיק מיטן עטאַפּ קיין הייסין, האָט שלום־בער מקבל באהבה געווען אויף זיך אַלצדינג.

(ש״ע: „מיטן עטאַפּ״)

**מקום מוכן (מזומן) לפורענות** (סנהדרין קב) *

אַן אָרט וואָס איז אָנגעגרייט צו פּורעניות.

דער פּאַוויאַק (אַ תפיסה אין וואַרשע) איז געוואָרן אַ מקום מוכן לפורעניות. (ד״ר ע. רינגעלבלום)

**מקום מנוחה** *

אַן אָפּרואָרט.

זיי בלאָנקען זיך נעבעך אַרום ווי די פֿאַרוואָגלטע, נישט צו געפֿינען פֿאַר זיך אַ מקום־מנוחה.

(ממ״ס)

**מקום מקלט** *

רעטונגסאָרט, אַזילאָרט, אויפֿהאַלטונג־אָרט (אין אַ סכנה־צייט).

עס איז אויפגעקומען אַ יידישע מדינה... יידן פון דער גאָרער וועלט האָבן אַן אַדרעס, אַ מקום־מיקלט אין מאָמענט פון צרות.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק״)

**מקום קדוש** *

הייליק אָרט (בית־המדרש).

וואָס מער די אַלטע דאַוונער זענען אַוועק, אַלץ מער האָבן די בייע איבערגענומען דעם מקום־קדוש אין זייערע הענט.

(י. י. זינגער: „די משפּחה קאַרנאָווסקי״)

**מקום־תורה**

אַן אָרט פון תורה.

ער איז אין אַ מקום־תורה, ער זיצט אין לובלין און לערנט.

(ש. אַש: „דער תהילים־ייד״)

**מקור חיים** (משלי יד, 27)

לעבנסקוואַל.

וויפל רדיפות און חורבנות מיר זענען נישט אויסגעשטאַנען, דער מקור החיים, די תורה, בלייבט אייביק מיט אונדז.

(ב. האַגער, „די גאָלדענע קייט״, 16)

**מקצץ בנטיעות** (חגיגה יד)

ער שניידט אונטער די פלאַנצונגען. ער לייקנט אין יידישקייט.

אַן אפיקורס איז בלויז דער, וואָס פירט אַן אַן אַקטיוון קאַמף קעגן יידישן גלויבן, ווען ער איז אַ מקצץ בנטיעות.

(ל. לערער: „יידישקייט״)

**מקצר ימים** זיין (לויט תהילים קב, 24) *

פאַרקירצן די יאָרן (דאָס לעבן).

ער פאַרהוסט זיך און זאָגט, אַז מיר זענען אים מקצר ימים.

(ש״ע: „ל״ג בעומר״)

**מקצת מן המקצת**

אַ קליין ביסעלע, עטוואָס, אַ קאַפּעטשקע.
דאָס מקצת מן המקצת וואָס ער זעט, איז דער שכל נישט משיג.

(י. ל. פּרץ)

**מקשה לילד** (חולין פרק ד)

גייט שווער צו קינד, האָט אַ שווערן געבורט.
דערביי איז יעדע פון זיי געווען אַ מקשה לילד, געווען יעדעס מאָל מער דאָרטן ווי דאָ.

(י. ל. פּרץ)

**מר בר רב אשי**

נאָמען פון איינעם פון די לעצטע אמוראים, מיטרעדאַקטאָר פון תלמוד בבלי. באַצייכענונג פאַר אַ גרויסן למדן און אַ גאָר חשובן מענטש.
דעבס איז אפשר נישט אַזאַ סאָציאַליסטישער מר־בר־רב־אשי ווי פּלעכאַנאָוו.

(ש. מילער: „דור המדבר")

**מרא דאתרא** *

הויפּט־רב פון שטאָט.
גיי אַהיים, צו בערל שניידער, און רוף אים אַהער! זאָג: איך, לוי יצחק, דער מרא דאתרא רוף!

(י. ל. פּרץ: „בערל דער שניידער")

**מראית עין** (ביצה ט)

פאַרן אויג. פאַר מענטשן.
ווי דערלאָזט מען אַזוינס משום מראית עין? וואָס פאַר אַ פּנים האָט עס פאַר מענטשן?

(י. ל. פּרץ: „ער ז"ל און זיינע מקורבים")

**מרבה נכסים — מרבה דאגה** (אבות ב, ז)

ווער עס מערט נכסים, מערט דאגות.

מרבה נכסים, מרבה דאגה... דער שווער האָט צו פיל געשעפטן און דערפאַר רעדט ער וועגן קאָפּ־דרייעניש.

(י. האָפּער: „ר׳ תנחום״)

„מרבה נכסים, מרבה דאגה״, אָבער גאָר קיין נכסים נישט, נאָך אַ גרעסערע דאגה.

(פאָלקסווערטל)

**מרגלית כל מקום שהיא — מרגלית שמה** (מגילה טו)

אַ פּערל איז אומעטום פּערל.

אָנגעטאָן איז זי לא לפי ערכה: פאַרצירעוועט, פאַרפּרעסט... אָבער מרגלית כל מקום שהיא מרגלית שמה.

(מ. סמבטיון: „אַ פאַרשפּעטיקטע חרטה״)

**מרה שחורה** •

מעלאַנכאָליע, טרויער־שטימונג, אומעט.

אויף אַלץ ליגט אַ טרויער, אַ מרה־שחורה.

(י. ל. פּרץ)

**מרכז רוחני**

גייסטיקער צענטער.

קולטור־ציוניסטן... האָבן געזוכט זיך און אונדז צו טרייסטן מיט דער אידעע פון אַ מרכז רוחני: ארץ־ישראל וועט ווערן מיט דער צייט אַ גייסטיקער צענטער פאַר יידן.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט״)

**מרעיש עולם** זיין (לויט תענית כ)

שטורמען וועלטן, אויפרודערן אַ וועלט.

אַבס זין האָבן מרעיש עולם געווען אַרויסצוראַטעווען דעם אַלטן טאַטן.

(י. באַשעוויס: „די קליינע שוסטערלעך״)

**משא־ומתן** (דברים רבה ז) *

פאַרהאַנדלונג; האַנדל; קאָנטאַקט.

חדשים לאַנג האָט זיך געצויגן דער משא־ומתן און צו אַ הסכם איז מען נישט געקומען.

(י. קאַטיק)

**משגיח על הכשרות**

אויפזעער אויף כשרות.

איך האַלט נישט פון קיין איקאָנעס, אָבער — איר מעגט דאָס אויסזאָגן דעם משגיח על הכשרות — איבער מיין בעט הענגט אַ פאַר־טרעט פונעם גלות־ייד.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**משוא פנים** (דברי הימים־ב יט, 7)

דאָס אויסטיילן, פּראָטעזשירן (איינעם פון די בעלי־דין ביים משפט).

האָבן יענע געטענהט: אין רחמים בדין, און נישטאָ קיין משוא־פנים.

(י. בורלא: „ווי איינער פון די קדמונים", איבערגעזעצט: אלי)

**משכמו ומעלה (גבוה מכל העם)** (שמואל־א ט, 2)

פון אַקסל און אַרויף (איז ער העכער פון אַלע), שטייגט אַלע איבער.

אַ הויכער, הויכער ייד, טאַקע משכמו ומעלה... אַן אימה האָט ער אַנגעוואָרפן.

(י. ל. פרץ: „צווישן צוויי בערג")

**משנה השם** זיין *

בייטן דעם נאָמען.

ער האָט אַ מאָל געהייסן הערצאָג און האָט זיך משנה־השם געווען אויף אַנדרע מאָרוּאָ.

(א. א. ראָבאַק: „דער פאָלקסגייסט אין יידיש")

**משנה טבע זיין**

ענדערן די נאַטור. טאָן איבערנאַטירלעכע זאַכן.

װער ביסטו און װאָס ביסטו, אַז דער רבונו־של־עולם זאָל זיך גראָד מיט דיר אָפּגעבן? ער זאָל אפשר משנה טבע זיין פון דײַנעטװעגן און אַראָפּשיקן אַ חתן פון הימל?

(ש. אַש: „דער תהילים־ייד")

**משנה מקום — משנה מזל** (לויט בבא מציעא עה) *

װער עס בײַט דאָס אָרט, בײַט דאָס מזל.

צײַטל, זאָג איך, מיר קלײַבן זיך אַרויס פון דאַנען... משנה מקום, משנה מזל.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**משנים קדמוניות** (מלאכי ג, 4) *

פון פריערדיקע יאָרן. פון אַמאָליקע צײַטן.

דאָס איז שוין געװען בײַ זיי אַזאַ טראַדיציע משנים קדמוניות.

(י. קאָטיק)

**משפט אחד יהיה לכם, כגר כאזרח יהיה** (ויקרא כד, 22)

איין געזעץ זאָל זיין בײַ אײַך, דער פרעמדער זאָל זיין װי דער אײַנגעבאָרענער.

מען טאָר אים (דעם פרעמדן) נישט דיסקרימינירן אויך װען ס'האַנדלט זיך װעגן שטראָפרעכט און געריכט — משפט אחד יהיה לכם, כגר כאזרח יהיה.

(ח. גרינבערג: „ייד און װעלט")

**מששת ימי בראשית** *

פון זינט די װעלט שטייט. פון גאָר אַלטע צײַטן.

ס'איז דאָרטן, זאָגט ער, פאַראַן בײמער מששת ימי בראשית, פון זינט די װעלט שטייט.

(ש"ע: „מנחם מענדל")

**מתוך שלא לשמה בא לשמה** (נזיר כג)

פון זייטיקע כוונות וועט ער קומען צו טריישאַפט דער זאַך גופא.
און טרעפן טרעפט זיך, אַז מתוך שלא לשמה בא לשמה... און ער ווערט טאַקע אַן אמתער צדיק!

(י. ל. פרץ: „ער ז״ל און זיינע מקורבים״)

**מתוקה שנת העובד** (קוהלת ה, 11)

זיס איז דער שלאָף פון אַרבעטער.
נאָך אַזאַ שווערער אַרבעט אין פאַבריק שלאָפט ער טאַקע ווי א געהרגעטער... מתוקה שנת העובד. (מ. באַריישאַ)

**מתי אעשה לביתי?** לויט בראשית ל, 30)

ווען וועל איך טאָן פאַר מיין שטוב?
מתי אעשה לביתי? ווען, הייסט עס, וועל איך שוין אָנהייבן עפעס טאַקע צו טאָן, איך זאָל אויפגעריכט ווערן?

(ממ״ס: „דאָס קליינע מענטשעלע״)

**מתי מדבר** (תענית ל) *

מדבר־געשטאָרבענע. „אָפגעשטאָרבענע״ מענטשן.
אויך די מתי־מדבר אין פלוינע וואַכן אויף.

(מ. בורשטין)

**מתמול שלשום** (דברים יט, 6)

פון נעכטן און אייערנעכטן. פון פריער.
איך האָב מיך געפילט מעשה שרייבער מתמול שלשום.

(מ. ראַוויטש: „דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן״)

**מתמר ועולה** (בראשית רבה מה) *

הייבט זיך אויף הויך (ווי אַ פאַלמע).
אַלץ געשווינדער קומט די תפילה אַרויף, אַלץ מער איז זי מתמר ועולה.

(י. ל. פרץ: „דער הינטישער סדר״)

**מתן בסתר** שמלי כא, 14) *

דאָס געבן אין דער שטיל (אַז קײנער זאָל נישט װיסן).

צדקה הײסט בײ אים נאָר מתן בסתר... פלעגט פאַר יעדן יום־טוב אָפּשיקן נדבות מיט דער פּאָסט.

(י. ל. פּרץ: „װאָס אַ מאָל װײניקער")

**מתן תורה** (ברכות נח) *

דאָס געבן יידן די תורה אויפן באַרג סיני.

און אַזױ צוזאַמען װי מיר זענען אַלע באַזאַמען געשטאַנען בײ מתן־תורה, אַזױ װאָר זענען מיר אַלע געשטאָרבן אין לובלין.

(יעקב גלאַטשטײן)

**מתנבא ואינו יודע מה מתנבא** (לױט רש"י: בראשית מה, 18)

ער זאָגט נביאות און װײס אַלײן נישט דערפון.

דאַנטע איז אין סאָציאַל־פּאָליטישן זין געװען אַ מתנבא ואינו יודע מה מתנבא.

(י. גאָלדקאָרן: „פון װעלטקװאַל")

**מתנת אלוהים** (לױט קוהלת ג, 13) *

אַ מתנה פון גאָט.

דאָס איז אַ מתנת אלהים, מיט װעלכער עס זענען באַשאַנקען נאָר אױסדערװײלטע. (ש. ל. ציטראָן)

**מתנת בשר־ודם** (ירושלמי, ברכות ד) *

דער גאָב פון אַ מענטש. אַ נדבה.

שמואל װעט חלילה אױסשטעלן אַ האַנט נאָך אַ מתנת בשר־ודם.

(י. ל. פּרץ: „דער בעל־שם פּירט אױס אַ שידוך")

**מתנת־יד** *

האַנטגאָב (כאַבאַר, שוחד־געלט); אַ קלאַפּ.

ער האָט דאָס גרינג אײנגעאָרדנט, מסתמא פאַר אַ מתנת־יד.

(ה. זשיטלאָװסקי)

פאַרמאַכט ער אַ האַנט, סטאַרטשען אַרויס אַזעלכע שאַרפע, האַרטע שלאָסביינער... פון אים כאַפּן אַ מתנת־יד!

(ש. מילער: „דור המדבר")

## נ

**נאד דמעות** (תהילים נו, 9)

אַ לאָגל מיט טרערן (פון יידישע צרות).

איז דען נאָך אַלץ נישט פול דער נאד דמעות?

(ה. צייטלין: „חסידות")

**נאה דורש ונאה מקיים** (יבמות סג)

ער רעדט שיין און טוט שיין. איז מקיים וואָס ער זאָגט.

[זשיטלאָווסקי] איז נישט בלויז אַ נאה דורש, אַ שיין־רעדנער און שיין־שרייבער, נאָר אויך אַ נאה מקיים, ער וויל זיינע אידייען רעאַליזירן, פאַרוואַנדלען אין מעשים.

(נ. מייזיל: „ד"ר ח. זשיטלאָווסקי")

**נבהל ונשתומם** ווערן *

דערשטוינט ווערן.

עס טרייבט דעם שררהס לייב־קאָזאַקל ווי אַ רוח. דער עולם ווערט נבהל ונשתומם.

(י. ל. פרץ: „דער עונש")

**נביא לגוים** (ירמיה א, 5)

אַ נביא פאַר פעלקער.

ירמיהו באַטראַכט זיך פונעם אָנפאַנג אָן פאַר אַ נביא לגוים.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**נגע צרעת** (ויקרא יג, 2) *

קרעצקרענק.

דאָס דייטשע פאָלק איז אָנגעשטעקט מיט דער נגע־צרעת, מיט דער קראַנקייט פון בעסטיאַלישער מאָרדלוסט.

(ש. אַש)

**נהנה מיגיע כפיו** (ברכות ח) *

ער לעבט פון זיין אַרבעט. לעבט פון זיינע צען פינגער.

בשכנות וווינט אַ בעל־מלאכה אַ נהנה מיגיע כפו, אַן ערלעכער מאַן.

(י. ל. פרץ: „מסירת־נפש")

**נהר די נור** (לויט דניאל ז, 10)

פייערדיקער טייך, באַצייכענונג פאַר דעם מילכפאַס אויפן הימל.

און דער ניגון הייבט זיך אָן פלוצעם צו גיסן ווי אַ „נהר־די־נור", אַ פייער־פלאַמענדיקער טייך, און די פאַליעס שלאָגן אַלץ ברייטער און העכער, אַלץ פייערדיקער און פלאַמענדיקער.

(י. ל. פרץ: „אַ גילגול פון אַ ניגון")

**נהרא נהרא ופשטיה (נהר נהר וזרמו)** (חולין יח) *

יעדער טייך און זיין שטראָם, יעדעס אָרט און זיינע מנהגים.

יעדע אומה מיט אירע מנהגים, יעדעס פאָלק מיט זיין שטייגער־לעבן... נהרא נהרא ופשטיה.

(ח. גרינבערג)

**נוח לבריות**

צוגעלאָזן צו מענטשן. גוט צו יענעם.

און ר' תנחומען, וועלכער איז געווען אַ נוח לבריות, אַ צוגע־לאָזענער און אַ ווילער, אים האָסטו נישט גערן געהאַט?

(י. האָפער: „ר' תנחום")

**נוח לו לאדם שלא נברא...** (עירובין יג)

בעסער וואָלט געווען פאַרן מענטש, ווען ער ווערט נישט געבוירן.

און בנים זכרים, פון וועלכע מען האָט קיין נחת נישט, איז טאַקע טוב להם שלא נבראו, זאָלן זיי בעסער אויף דער וועלט נישט קומען.
(י. ל. פרץ: „אַראָפּגעלאָזטע אויגן")

**נוח לכעוס** (אבות ה, יא)

גרינג אין כעס צו ווערן. אַ היציקער.

פון זיין טבע אויס איז ער (ר' זלמן) געווען אַ היציקער, אַ נוח לכעוס, גיך אַריינגעפאַלן אין כעס. (י. האָפער: „ר' תנחום")

**נופך משלו** (לויט קידושין מח)

זיין אייגענער צוגאָב, זיין באַפּוצונג (צו דעם וואָס ער האָט געהערט אָדער געזען).

ער האָט אָבער צוגעגעבן מער ווי אַ נופך משלו — אַן אייגנאַרטיקע ראָמאַנטישע ריכטונג.
(נ. שמן: „דאָס געזאַנג פון חסידות")

**נופת תטופנה שפתותיך** (שיר השירים ד, 11)

האָניק טריפן דיינע ליפּן. דו רעדסט שיין און אָנגענעם.

עס קומען מיר אויפן זינען די ווערטער פון שיר השירים: נופת תיטופנה שפתותיך, כלה! צוקער טוען טריפן דיינע ליפּן, כלה!
(ש"ע: „שיר השירים")

**נוקב ויורד עד תהום** (סנהדרין צז)

דרינגט אַריין טיף ביזן אָפּגרונט (ביזן שורש פון דער זאַך).

שטיל איז די תורה און דאָך איז זי נוקב ויורד עד תהום.
(ה. צייטלין: „חסידות")

**נוקם ונוטר כנחש** (יומא כג) *

ער איז זיך נוקם ווי אַ שלאַנג.

דער בריסקער רב איז געווען אַ מתנגד און בטבע אַ נוקם ונוטר כנחש, האָט עמעץ אָנגערירט אַ זוהר, אַ פּרדס, פלעגט ער שעלטן, אין חרם אַריינלייגן. (י. ל. פרץ: „צווישן צוויי בערג")

**נושא חן** זיין (מגילת אסתר ב, 15) *

קריגן חן, געפעלן ווערן.

אַנדערש האָבן זיך פאַרהאַלטן צו אים [צו שמ"רן] די לעזער און לעזערינס פון פאָלק, ביי זיי האָט ער שטאַרק נושא־חן געווען.

(ש. ניגער : „דערציילער און ראָמאַניסטן")

**נושא־כלים** (שמואל־א יד, 13) *

וואָפנטרעגער. אַדיוטאַנט, באַגלייטער.

ר' עקיבא פאַרנעמט זיין פיעדעסטאַל אין דער יידישער געשיכטע נישט דערפאַר, וואָס ער איז געווען אַ מין גייסטיקער נושא־כלים ביי בר־כוכבאַן, נאָר ווייל ער איז געווען דער וואַגנדיקער דענקער.

(ח. גרינבערג : „ייד און וועלט")

**נושא פנים** זיין (לויט דברים י, 17)

פראָטעזשירן עמעצן.

ער האָט קיינעם נישט נושא־פנים געווען, אפילו נישט דעם גרעסטן גביר און תקיף.

(י. האָפּער : „ר' תנחום")

**נזיד־עדשים** (בראשית כה, 34)

אַ טאָפּ לינדזן. אַ מינדערווערטיקע זאַך.

און די געפירטע ?... אַ הון אין יעדן טאָפּ, נזיד־עדשים.

(ש. מילער : „דור המדבר")

**נחבא אל הכלים** (שמואל־א י, 22) *

באַהאַלט זיך אין אַ ווינקל ביי די כלים. אַן עניו.

ער איז קיין מאָל נישט געווען פון די מפורסמים, ער איז אַלע מאָל געווען אַ נחבא אל הכלים.

(ה. צייטין : „חסידות")

**נחות־דרגה, נחית־דרגא** (יבמות סג)

מענטש פון נידעריקסטן שטאַפּל, פּראָסטער מענטש.

מיט מ... האָבן זיך נאָך די מיוחסים פון דער אַלטער גאָלדענער פאָן צוגעשעמט ווי מיט עפּעס אַ נחית־דרגא אין דער משפּחה.
(נ. מייזיל)

**נחזור לענייננו** *
לאָמיר זיך אומקערן צו אונדזער ענין.
טויזנט מאָל — זאָגט דער אורח — האָבן מיר שוין געזאָגט נחזור לענייננו און זיך אַלץ נישט אומגעקערט.
(מ. גראָס־צימערמאַן: „אינטימער ווידעראַנאַנד")

**נטורי קרתא** (ירושלמי, חגיגה עו)
שטאָטהיטער. נאָמען פון דער עקסטרעמער אָרטאָדאָקסישער גרופּע אין ירושלים.
צי ווערט דען נישט איצט, פאַר אונדזערע אויגן, די מדינת ישראל פאַרשריגן דורך די פאַנאַטישע נטורי־קרתא ווי אַ פאַלשע משיח־באַוועגונג? (ש. ראָזענבערג: „שבתי צבי")

**ניבול־פה** (ויקרא רבה כד) *
מיאוסע רייד, גראָבע ווערטער.
זיי האָבן אויך אַריינגעפּירט וווּלגאַרע ניבול־פּה און גאַסנשפּראַך.
(י. י. זינגער: „די משפּחה קאַרנאָווסקי")

**ניכרים דברי אמת** (סוטה ט) *
אמתע רייד דערקענט מען.
נכרים דברי אמת, ס׳איז געווען גלייך צו דערקענען, אַז שולמאַן דערציילט נישט קיין מעשיות, נאָר ווירקלעכע פאַקטן.
(ר. בריינין: „פון מיין לעבנסבוך")

**ניתי ספר ונחזה**
לאָמיר נעמען דאָס בוך און אַריינקוקן.
פאַרשטייט זיך, אַז ס׳איז לייכט נאָכצוזוכן — ניתי ספר ונחזה.
(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען")

**נכנס יין, יצא סוד** (סנהדרין לח)
ווײַן אַרײַן — סוד אַרויס.
נכנס יין יצאה שטות... האָט גענומען אַן איבעריקן טראָפּן, רעדט ער פון וועג.
(י. ל. פּרץ)

**נכסי צאן ברזל** (בבא מציעא ה)
נכסים — אײַזערנע שאָף. אײַזערנער קאַפּיטאַל. אײביקע גרויסע ווערטן.
די שירים פון ר׳ יהודה הלוי זענען געוואָרן נכסי צאן ברזל פון דער העברעישער פּאָעזיע.
(ש. דובנאָוו)

**נס בתוך נס** (שבת צז) *
אַ נס אין אַ נס, אַ טאָפּלטער נס, אַ גרויסער נס.
און אַ נס איז געשען, אַ נס בתוך נס!
(ש״ע : „שמואל שמעלקיס״)

**נס לגויים** (ישעיה יא, 12)
אַ פאָן פאַר פעלקער. אַ מוסטער פאַר דער וועלט.
וואָס איז שייך פראַנצויזן, האָט זיי די גרויסע רעוואָלוציע געגעבן דאָס געפיל פון אַ היסטאָרישער שליחות — צו זײַן אַ נס לגויים און פירן די איבעריקע וועלט אויפן וועג צו פּאָליטישער פרייהייט און דעמאָקראַטיע.
(ח. גרינבערג : „ייד און וועלט״)

**נס מן השמים**
אַז איך בין נישט געבליבן אויפן אָרט, איז טאַקע אַ נס מן השמים.
(י. ל. פּרץ : „צווישן צוויי בערג״)

**נסים ונפלאות** (מעריב־תפילה) *
וווּנדער איבער וווּנדער.

מען דערציילט פון אים ניסים ונפלאות און מען קאָן זיך גאָרנישט אנדערציילן.

(ח. הזז: „אַ פייער ברענט")

**נע־ונד** (בראשית ד, 12) *

וואַגלען פון אָרט צו אָרט.

נע ונד זאָל זי זיין... זאָל זי אַרומפּליען אין דער מיט צווישן הימל און ערד.
(י. ל. פּרץ: „דריי מתנות")

**נעים זמירות ישראל** (שמואל־ב כג, 1)

זיסער יידישער זינגער, ליבער יידישער דיכטער. (דוד המלך).

זיין זינגען האָט אין זיך פון דעם סאָרט נעים זמירות ישראל, וואָס בלייבט אייביק.

(נ. שמן: „דאָס געזאַנג פון חסידות")

**נער הייתי וגם זקנתי** (תהילים לז, 25)

איך בין געווען יונג און זיך געעלטערט.

נער הייתי וגם זקנתי און אַציגד זעט מיר דאָס אַלץ אויס אַזוי פּראָסט, אַזוי נאַטירלעך.

(י. ל. פּרץ: „ל"ג בעומר")

**נעשה ונשמע!** (שמות כד, 7)

מיר וועלן טאָן און הערן. פריער מקיים זיין און דערנאָך פאַרשטיין דעם ענין.

יאָ פאַרשטאַנען, נישט פאַרשטאַנען. קודם־כל האָט מען מסכים געווען... נעשה ונשמע!

(מ. ראַוויטש: „דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן")

**נפקא מינה** (בבא קמא כז) *

אונטערשייד. חילוק.

עך זאָגט: קלייך, גרויס. וואָס איז די נפקא מינה? אַ מענטש מעסט מען נישט מיט קיין מאָס. (י. באַשעוויס: „קליין און גרויס")

**נפש אחת** (סנהדרין לז) *

**איין מענטש, איין נשמה.**

**איך מיט בעניין זענען מיר גיך געוואָרן גוטע ברידער, אָבער וואָס גוטע ברידער הייסט — נפש אחת.**

(ש"ע : „דאָס דריידל")

**נפשו קשורה בנפשו** (בראשית מד, 30)

**איינער איז צוגעבונדן צום אַנדערן.**

**מען האָט געוווסט אַז נפשו קשורה בנפשה און אַזוי פאַרקערט, און זיי זענען איינס מיט אַנאַנדער אַזוי פאַרבונדן און פאַרקניפּט.**

(י. ל. פּרץ : „דער בעל־שם פּירט אויס אַ שידוך")

**נצח ישראל לא ישקר** (שמואל־א טו, 29) *

**דער אייביקער גאָט פון ישראל וועט נישט פאַרלייקענען זיין צוזאָג. דער קיום פון פאָלק ישראל איז געזיכערט.**

**נצח ישראל לא ישקר! — דאָס יידישע פאָלק וועט נישט אויפהערן צו לעבן.**

(נ. מייזיל)

**נצחו אראלים את המצוקים** (כתובות קד)

**די מלאכים האָבן באַזיגט די צדיקים (און דער צדיק איז נפטר געוואָרן). אַן אויסדרוק פון צער איבערן טויט פון אַ גרויסן צדיק.**

**מיט צוויי טעג שפּעטער האָט דער הייליקער צדיק אויסגעהויכט אין געזאַנג זיין הייליקע נשמה... נצחו אראלים את המצוקים!**

(נ. שמן : „דאָס געזאַנג פון חסידות")

**נקי כפיים** (תהילים כד, 4) *

**אַ מענטש מיט ריינע הענט, אַן ערלעכער (וואָס נעמט נישט קיין שוחד).**

**ער וועט זיין אַ נקי־כפּיימניק, וואָס נעמט נישט, און אַ גוי וואָס נעמט נישט איז אַן אומגליק.**

(ש"ע : „לשנה טובה")

**נר תמיד** (שמות כז, 20) *
אייביק ליכט, הייליק פייער. דאָס אָנגעצונדענע ליכטל פאַרן ארון־קודש.
ברענט זיך אַ לעמפּעלע, אַ נר־תמידל, שטענדיק ברענט עס.
(ש. אַש)

**נשים דברניות הן** (ברכות מח)
ווייבער האָבן ליב אַ סך צו רעדן.
מילא, די ווייבער האָבן זיך צערעדט, איז דאָך נשים דברניות הן, אָבער יצחק, וואָס האָט ער צעלאָזט זיין צינגל?
(ל. שאַפּירא)

**נשים דמעתן מצויה** (לויט ירושלמי, עבודה זרה פרק ב)
ביי ווייבער זענען טרערן אַ געוויינלעכע זאַך.
נעם זיך נישט איבער מיט איר וויינען. ווייסט דאָך, אַז נשים דמעתן מצויה. (מ. באַריישאַ)

**נשים דעתן קלה עליהן** (שבת לג)
ווייבער זענען לייכטזיניק.
דו ווייסט דאָך, אַז נשים דעתן קלה עליהן... זיי קאָנען לייכט זאָגן „יאָ" און זיי קאָנען לייכט זאָגן „ניין".
(י. האָפּער: „ר' תנחום")

**נשים עם בפני עצמן הן** (שבת סד)
פרויען זענען אַ פאָלק פאַר זיך אַליין (מיט אייגענעם אַרט לעבן).
זי שוועבט לייכט אָפּ פון אים אַ שלאַנקע, אַ שטאָלצע, אַ וויטע, אַ נישט־צוטריטלעכע... נשים עם בפני עצמן הן!
(מ. סמבטיון: „אַ פאַרשפּעטיקטע חרטה")

**נתבעין לעגל ונותנין, נתבעין למשכן ונותנין** (ירושלמי, שקלים א)
מאָנט מען פאַרן עגל — גיבן זיי, מאָנט מען פאַרן מישכן — גיבן זיי ווידער.

איך ווייס, אַז יידן, רחמנים בני רחמנים, גיבן. די גמרא זאָגט: ישראל נתבעין לעגל ונותנין, נתבעין למשכן ונותנין... פון געבן איז נאָך קיינער בדלות נישט געבליבן.

(ש. מילער: „שטויב")

## נתפרדה החבילה

דאָס בינטל האָט זיך פונאַנדערגעטיילט. די פריינט האָבן זיך צעשיידט.

און אָט אַזוי איז נתפרדה החבילה געוואָרן... צעשטערט געוואָרן די זעלטענע גוטפריינטשאַפט, אויס אידיליע.

(ש"ע: „פונעם יאַריד")

## נתתי לפניך את החיים ואת המוות (לויט דברים ל, 15)

איך האָב דיר געגעבן (צום אויסקלייבן) דאָס לעבן און דעם טויט.

נתתי לכם את החיים ואת המוות — קלייבט זיך אויס, יידעלעך, וואָס איר ווילט: צי אַ צוגעשניטן לעבן אויף די קני, אָדער אַ צוגע־מאַטערט אָבער אייגן לעבן אויף די פיס.

(א. א. ראָבאַק: „דער פאָלקסגייסט אין יידיש")

# ס

## סגי נהור (בראשית רבה ד) *

אַ סך ליכט. באַצייכענונג פאַר אַ בלינדן. זע: בלשון סגי נהור.

דער ינוקא איז געזעסן אויבן אָן און פאַרשטעלט די אויגן. אין דער נאַכט פון דער חתונה איז ער געוואָרן אַ סגי־נהור.

(י. באַשעוויס: „דריי מעשיות")

## סדנא דארעא חד הוא (סדן הארץ אחד הוא) (קידושין כז) *

דער יסוד פון דער ערד איז אומעטום דער אייגענער (אומעטום די אייגענע וועלט).

דאַכט זיך: סדנא דארעא חד הוא — אומעטום די אייגענע וועלט.

(י. ל. פּרץ)

**סדר עולם, סדר העולם** *

דער שטייגער פון דער וועלט.

דער מלך האָט, ווי דער סדר עולם איז, אמונה צו זיינע שרי־מלכות.
(י. ל. פרץ: „שטומע נשמות")

**סודות התורה** *

טיפע (פאַרבאָרגענע) געדאַנקען פון דער תורה.

מיט די אייגענע אותיות שרייבט מען סודות התורה און, להבדיל, דאָס גרעסטע אַפּיקורסות.

(י. ל. פרץ: „אַ גילגול פון אַ ניגון")

**סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה** (בראשית כח, 12)

אַ לייטער שטייט אויף דער ערד און זיין שפּיץ דערגרייכט ביז הימל (יעקבס חלום).

אין גלות האָבן זיי (די יידן) מיט זיך מיטגענומען עפּעס, וואָס ווען איך וואָלט געווען אַ דיכטער, וואָלט איך עס געזוכט צוצוגלייכן צו יעקב אבינוס אויסגעחלומטן לייטער... סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה.
(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**סוף גנב לתליה** (פאָלקסווערטל)

דער סוף פון אַ גנב איז אויף דער תליה.

ווי זאָגט דער פּסוק: סוף גנב לתליה... מען פאַלט אַ מאָל אַרונטער.

(ש. מילער: „דור המדבר")

**סוף מעשה במחשבה תחילה** (ש. אלקבץ: „לכה דודי")

דער סוף פון דער זאַך איז שוין פריער געווען אין דער מחשבה (נישט צופעליק איז עס געטאָן געוואָרן).

פון יעדן פאַקט איז פאַראַן עפּעס אָפּצולערנען, און סוף מעשה במחשבה תחילה.

(א. א. ראָבאַק: „די אימפעריע יידיש")

**סוף־פסוק, סוף דבר** (לויט קוהלת יב, 13)

אָפּשלוס פון ענין.

דאָס איז דער ליטעראַרער סוף־פּסוק פון אַ גרויס שאַפערישן ווערק.

(מ. גראָס־צימערמאַן: „אינטימער ווידעראַנאַנד")

סוף דבר: ...אין אונדזער פרייהייטלעך־דעמאָקראַטישער עפנטלעכקייט קאָן קיין ריכטונג נישט מאָנאָפּאָליזירן און פאַרגוואַלדיקן אַנדערע.

(ח. זשיטלאָווסקי)

**סופר סת"ם** (סופר ספרים, תפילין, מזוזות)

רעליגיעזער שרייבער פון סדר־תורהס, תפילין און מזוזות.

איך פלעג זיך צוקוקן ווי דער סופר סת"ם שרייבט אַ ספר־תורה.

(ר. ברײַנין: „פון מײַן לעבנסבוך")

**סטרא (סיטרא) אחרא** (פון דער תפילה „כגונא") *

די אַנדערע זייט. געמיינט: אומרייניקער כוח, שטן.

דער טיפער רעליגיעזער מענטש האָט אין דעם שטענדיק געזען די שלאַנג פון אומגלויבן, די סיטרא־אחרא, וואָס וויל אַראָפּפירן דעם מענטש פון דרך הישר.

(ח. גרינבערג: „ייִד און וועלט")

**סיג לחכמה שתיקה** (אבות ג, יג)

שווייגן איז אַ צוים (אַ שוץ) פאַר חכמה.

סייג לחכמה שתיקה, אָבער שתיקה אַליין איז קיין חכמה נישט.

(פאָלקסווערטל)

**סימן מובהק** (בבא מציעא כז) *

קלאָרער סימן, בולטער צייכן.

אַנדערע [דערציילונגען] לאָזן זיך זייער גוט רעציטירן. דער סאַמע בעסטער סימן מובהק פון פערפעקטע דערציילונגען.

(מ. ראַוויטש: „אליעזר בלום — אַן אָריגינעלער דערציילער")

**סיעתא (סייעתא) דשמיא** (לויט בבא בתרא נה)

**הילף פון הימל.**

**אויף צו פאַרענדיקן דאַרף מען האָבן אַ ביסל ווייניקער קאָפּ־דרייעניש און אַ קאַפּיטשקע סייעתא דשמיא.**

(ח. גרינבערג: „ייד און װעלט")

**סיפור המעשה** *

**אַ דערציילונג, אַ געשיכטע.**

**עס נעמט זיך שפּינען אַ סיפּור־המעשה און עס צייכענען זיך אָן די קאָנטורן פון אַ לעבעדיקער געשטאַלט.**

(ש. ביקל: „שרייבער פון מיין דור")

**סלע המחלוקת** (לויט שמואל־א כג, 28)

**אַ זאַך וואָס רופט אַרויס קריגערייען.**

**אין קריסטנטום קומען נאָך צו ספּעציעלע טעאָלאָגישע פּראָבלעמען, וואָס זענען תמיד געווען דער סלע־מחלוקת צווישן קריסטלעכע דענקער און סעקטעס.**

(ל. לערער: „יידישקייט")

**סלתה ושמנה** (לויט ויקרא כ, 2)

**זעמלמעל און בוימל. דאָס בעסטע און שענסטע.**

**אויף דער חתונה זענען געווען די פיינסטע בעלי־בתים, די סלתה ושמנה פון שטעטל.**

(מ. באָריישאַ)

**סם חיים** (יומא עב)

**לעבנס־עלעקסיר.**

**די תפוצות נייטיקן זיך, ווי אין אַ סם־חיים, אין דער מדינה.**

(י. זרובבל: „ישראל און גלות")

**סם מוות** (חולין פרק ג) *

**טויט־סם. ביטערניש.**

די דאַזיקע ווערטער... ווערן געזאָגט מיט אַזאַ ניגון און מיט אַזוי פיל סם־המוות, אַז זרח־ברוך קרענקט אויס דאָס גאַנצע עסן.
(ש״ע : „שמחת־תורה״)

**סמיכות־הפרשה, סמיכות־הפרשיות** (ברכות י׳) *
פרשיות־נאָענטקייט (אין דער תורה), פרשיות־צוזאַמענהאַנג. שייכות (צוזאַמענהאַנג) צווישן פאַרשיידענע ענינים.
וואָס פאַר אַ סמיכות הפרשה? איך טענה, אַז וועלדער זענען באַשאַפן געוואָרן מען זאָל זיי האָבן.
(י. אָפּאַטאָשו : „אין פוילישע וועלדער״)

**סעודת הבראה** (לויט מועד קטן פרק ג) *
טרויער־סעודה פאַרן אבל נאָך דער קבורה.
עס וועלן דעריבער אייביק זיין חתונות און גטן, בריתן און לוויות, סעודות־מצווה און סעודות־הבראה.
(י. ל. פרץ)

**סעודת־מצווה** *
מצווה־מאָלצייט (אויף אַ ברית, חתונה אדג״ל).
פאַרגעסט מען אַלץ, אַ שמחה, אַ גדולה! אַ סעודת־מצווה.
(י. ל. פרץ : „דער בעל־שם פירט אויס אַ שידוך״)

**ספר הזכרונות** (מגילת אסתר ו, 1)
געדענקבוך, טאָגבוך, כראָניק.
פאַרשרייבט אין ספר־הזכרונות וואָס עס איז געשען, כדי עס אויפצוהיטן פאַר די קומענדיקע דורות.
(ש. ניגער : „דערציילערס און ראָמאַניסטן״)

**ספר החתום** (ירמיה לב, 14) *
אַ פאַרחתמעטער ספר. אַ נישט־באַקאַנטע זאַך, אַן אומפאַרשטענד־לעכער ענין.

לאַנגע יאָרן איז זיין (באַראָכאָווס) גייסטיקער בייטראָג... געבליבן פאַר זיי אַ ספר חתום.

(ז. שזר : „ליכטיקע פערזענלעכקייטן")

**ספר הספרים**

דאָס בוך פון ביכער. דער חשובסטער ספר. באַצייכענונג פאַרן תנ"ך.

שוין דאָס ערשטע בוך איז אַרויסגעקומען אַ בוך פון ביכער, אַ ספר הספרים.

(י. גלאַטשטיין : „אין תוך גענומען")

**ספרא רבא**

אַ גרויסער שרייבער, אַ קאַליגראַף. זע : כתבא רבא.

אַ ספרא רבא איז ער געווען, נאָר די אַדרעסן פלעגט ער שרייבן מיט דער לינקער האַנט, מען זאָל זיין כתב־יד נישט דערקענען.

(י. ל. פרץ : „וואָס אַ מאָל ווייניקער")

**ספרים חיצונים** *

אַפּאָקריפן, ספרים וואָס זענען נישט אַריינגענומען געוואָרן אין תנ"ך. נישט־רעליגיעזע ביכער, פון וועלטלעכער ליטעראַטור.

די ספרים חיצונים האָב איך נישט געזען, האָב אַפילו נישט געהערט און נישט געוווסט, אַז ס'איז פאַראַן אַ ליטעראַטור.

(ממ"ס, לויט „דאָס מענדעלע־בוך")

**סתימת הגולל** (סנהדרין מז) *

דאָס צודעקן דעם קבר (דאָס פאַרשיטן דעם קבר).
נאָך סתימת־הגולל, דער יתום זאָגט קדיש...

(י. ל. פרץ : „דריי מתנות")

**סתרי תורה** (ירושלמי, כתובות פרק כט) *

תורה־סודות. טיפע זאַכן אין דער תורה.

פאַר זיי אַליין איז דאָס אַלץ געווען נישט קיין קונסט, נישט קיין ליטעראַטור, נאָר תורה אָדער סתרי־תורה.

(ש. ניגער : „דערציילערס און ראָמאַניסטן")

# ע

**עבד כי ימלוך** (משלי ל, 22)

אַז אַ „קנעכט" ווערט אַ מלך. אַז אַ גייסטלאָזער ווערט אַן אָנפירער.

אין יידנהאַס... האָט ער געזען פאַר דייטשלאַנד... די גרעסטע קולטור־סכנה, די סכנה פון עבד כי ימלוך.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**עבד כנעני** (לויט בראשית ט, 25) *

אייביקער (כנענישער) קנעכט. פאַרקויפטער מענטש.

איך בין קיין מאָל נישט קיין עבד כנעני צו דעם וואָס איך האָב געזאָגט, געשריבן און אפילו געדרוקט.

(י. ל. פרץ)

**עבד לווה לאיש מלווה** (משלי כב, 7)

דער לווה איז אַ שקלאַף ביים מלווה.

עבד לווה לאיש מלווה, האָט שלמה המלך געזאָגט, ווער עס לייט [יענעם] — קויפט זיך אַ קנעכט.

(י. ל. פרץ: „דריי קיכלעך")

**עבד מלך כמלך** (שבועות מז)

דעם מלכס קנעכט איז אַזוי ווי דער מלך.

עבד מלך כמלך — ווי די שררות, אַזוי איז דער משרת.

(פאָלקסווערטל)

**עבדא בהפקרא ניחא ליה** (גיטין יג)

אַ קנעכט האָט ליב הפקרות.

נישטאָ וואָס צו רעדן... עבדא בהפקרא ניחא ליה... ער איז תמיד געווען אַ הפקר־מענטש.

(מ. באָריישאָ)

**עבדות בתוך חרות** אחד העם

קנעכטשאַפט און פרייהייט, פרייע קנעכטשאַפט, קנעכטשאַפט פון אייגענעם ווילן.

אַוודאי איז אחד־העם געווען גערעכט, ווען ער האָט עס אָנגערופן מיט דעם ריכטיקן נאָמען עבדות בתוך חרות (פרייע קנעכטשאַפט) — יידן נוצן אויס די פרייהייט צו זיין קנעכט.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

**עבודה זרה** סנהדרין מ) *

געצנדינערײַ. מיאוסע זאַך.

אַלע עבודות־זרות האָט ער געדינט און אַלץ געטאָן, כדי צו דערגייך צו דעם שיינעם פּאַלאַסעט מיט די טייערסטע מעבל.

(א. ליס: „ראָזע פּאַלאַטניקס דערציילונגען")

**עבודת־אדמה**

ערדאַרבעט, לאַנדווירטשאַפט.

דער רבי האָט בכיוון פאַרבונדן עבודת־אדמה מיט זיין יידישקייט, מיט זיין חסידות.

(ש. ביקל: „דריי ברידער זענען מיר געווען")

**עבודת פרך** שמות א, 14) *

שווערע אַרבעט, קאַטאָרגע־אַרבעט.

וואָס קלערט איר, די אָרעמע יתומה האָט געאַרבעט דערביי עבודת־פרך.

(י. ל. פרץ: „די תאווה צו קליידער")

**עבירה גוררת עבירה** (אבות ד, ב)

איין עבירה ברענגט נאָך אַן עבירה.

זעסט, גאָווריליע, עבירה גוררת עבירה — אַז מען טרינקט, אַרבעט מען נישט, אַז מען אַרבעט נישט, ווערט מען אַ בעלן אויף יענעמס.

(ממ"ס: „צוריק אַהיים")

**עבירות שבין אדם למקום** (יומא פה)

**חטאים קעגן גאָט.**

**— אמת, רבי, יום־כיפור איז נאָר מכפר אויף עבירות שבין אדם למקום ?**

**(י. ל. פרץ : „בערל דער שניידער")**

**עבירות שבין אדם לחברו** (יומא פה)

**חטאים קעגן מענטשן.**

ער קומט נישט צווישן מענטשן און ווערט אָנטרונען פון די אַלע עבירות שבין אדם לחברו.

**(ש. י. עגנון : „די מעשה מיטן סופר")**

**עבר זמנו — בטל קרבנו** (ברכות כו)

**אַריבער די צייט — בטל דער קרבן (אַלץ אין דער צייט).**

**צי דער דאָזיקער משלוח־מנות האָט נאָך [צו בדיקת חמץ] אַ פורים־דיקן טעם ? אוודאי נישט... עבר זמנו בטל קרבנו.**

**(מ. אפרתי : „דאָס געיעג נאָך דעם נעכטיקן טאָג")**

**עד אפס מקום** (ישעיה ה, 8)

**נישטאָ קיין פרייער אָרט. איבערפולט.**

**אַלע אכסניות זענען געווען איבערפולט עד אפס מקום.**

**(י. האָפער : „ר׳ זלמן")**

**עד־דלא־ידע** (מגילה ז)

**ביז ער וועט נישט וויסן. פורים־קאַרנאַוואַל אין ישראל.**

**היות ס׳איז געווען פורים און דער עולם איז געווען אין אַ מצב עד־דלא־ידע, האָט מען איטשעלען מוחל געווען זיינע שקאָצישע שטיק.**

**(י. האָפער : „ר׳ זלמן")**

**עד היום הזה** (דברים לד, 6)

**ביז היינטיקן טאָג.**

ער האָט דאָס אויסגעטראַכט און ער עקספּלאָאַטירט עס עד היום הזה, ביז היינטיקן טאָג.

(ש"ע : „זומערדיקע ראָמאַנען")

**עד חצי המלכות** (מגילת אסתר ה, 3) *

ביז אַ האַלבער מלוכה. אַלץ וואָס דו פאַרלאַנגסט.

— און ווילסטו עפּעס טאָן פון מיינעטוועגן? — עד חצי המלכות!

(י. ל. פּרץ : „דער בעל־שם פּירט אויס אַ שידוך")

**עד חרמה** (במדבר יד, 45) *

ביז צו דער פולשטענדיקער פאַרניכטונג.

מיר וועלן שלאָגן די פלישתים עד חרמה, מאַכן פון זיי אַ תל!

(ש"ע : „ל"ג בעומר")

**עד יעבור זעם** (ישעיה כו. 20) *

ביז עס וועט פאַרבייגיין דער צאָרן. ביז עס וועט אַדורך די סכנה.

באַפאַלט מיך אַן אומרויִקייט און איך וואָלט געוואָלט ערגעץ אַוועקפאָרן... עד יעבור זעם.

(י. גלאַטשטיין : „אין תוך גענומען")

**עד כאן אומרים בשבת הגדול** (סידור) *

ביז דאַנען זאָגט מען [די הגדה] שבת הגדול : ביז אַהער און מער נישט.

דאָס בלעטל וואָס איז אָפּגעפאַלן מוז פאַרפוילט ווערן, און מער זאָלסטו מיט מיר נישט רעדן דערפון — עד כאן אומרים בשבת הגדול.

(ש"ע : „טביה דער מילכיקער")

**עד ככר לחם** (משלי ו, 26) *

ביז אַ לעבל ברויט. אַלץ פאַרלוירן.

מען וויל מיך איינשלינגען, כ'האָב מורא כ'זאָל נישט דערגיין עד כיכר לחם.

(י. באַשעוויס : „די עצה")

**עד לב השמים** (דברים ד, 11) *

ביזן הימל אַרויף, ביזן זיבעטן הימל.

האָבן זיך די חברה שדכנים אויפגעהויבן און האָבן געמאַכט אַ גוואַלד עד לב השמים.

(ש״ע : „כתרילעווקער פּראָגרעס״)

**עד סוף כל הדורות** *

ביזן סוף פון אַלע דורות, ביז אייביק.

וויפל מענטשן עס זאָלן נישט קומען אויף דער וועלט עד סוף כל הדורות, וועלן זיי אַלע זיין אדם־הראשונס קינדער.

(ה. גרינבערג : „ייד און וועלט״)

**עד־ראייה, עדי־ראייה** *

עדות וואָס האָט (האָבן) אַליין געזען.

ווי עדי־ראיה פון שרעקלעכן גיהנום גיבן איבער, האָבן אפילו די נאַצי־פיינען נישט געבראָכן זייער שטאַנדהאַפטיקייט.

(נ. שמן : „דאָס געזאַנג פון חסידות״)

**עובד אדמה**

ערדאַרבעטער, לאַנדווירט פּויער.

וועסט אם־ירצה־השם זיין אַן עובד אדמה, אַן ערלעכער ייד.

(ש. ביקל : „דריי ברידער זענען מיר געווען״)

**עובד אדמתו ישבע לחם** (משלי יב, 11)

דער וואָס באַאַרבעט זיין ערד, עסט ברויט צו דער זעט.

אַן עובד אדמתו איז ער טאַקע, אָבער קיין ישבע לחם איז ער ווייט נישט... אַלע שוסטערס גייען באָרוועס.

(מ. באָריישאָ)

**עובר־אורח**

אַ דורכגייער, אַ דורכפאָרער...

טייל מאָל קומט אַן אָרעמאַן בעטן אַ נדבה, אָדער אַן עובר־אורח גייט אַריין, פאַרריכט זיינע תפילין.

(ש. י. עגנון : „די מעשה מיטן סופר״, איבערגעזעצט א. רובינשטיין)

**עוֹבר בטל** (לויט אבות ה, כא) *

איין גאַנצן אָפּגעפּאָרן, צעבראָכן (פון דער עלטער).

איך בין נאָך נישט קיין עובר־בטל, איך זאָל מיך אַוועקזעצן עסן און דרימלען.

(י. י. זינגער: „די משפחה קאַרנאַווסקי")

**עוֹבר לסוחר** (בראשית כג, 16) *

אַ גאַנגבאַרע סחורה, מען קויפט עס גערן.

אין מיינע אויגן איז דער משכון עובר לסוחר אויף פּחות ווערט ק"ן (150) קערבלעך.

(י. ל. פּרץ: „וואָס אַ מאָל חייניקער")

**עוֹג מלך הבשן** (במדבר כא, 33) *

עוג, דער קעניג פון לאַנד בשן. זייער אַ הויכער מענטש, אַ ריז.

הויך ווי עוג מלך הבשן, כמעט אונטערגעשפּאַרט מיטן קאָפּ דעם בוידעם.

(ש"ע)

**עוֹד ידו נטויה** (ישעיה ט, 11) *

זיין האַנט איז נאָך אויסגעשטרעקט. ער פּאַרמעסט זיך אַ סך אויפצוטאָן.

און עוד ידם נטויה, מען פּאַרמעסט זיך ערשט אויף ווייטערדיקע אויפטוען.

(נ. מייזיל)

**עוֹכר ישראל** (מלכים־א יח, 17) *

יידן־פאַררעטער, רשע.

עוכר ישראל, האָט ער גענומען כאָרכלען, דיין פוס זאָל נישט איבערטרעטן די וועבעריי!

(י. י. זינגער: „די ברידער אשכנזי")

**עוֹלה ויורד**

גייט אַרויף און גייט אַראָפּ, שטייגט און פאַלט.

יעדער ריכטיקער שרײַבער און קינסטלער געפינט זיך שטענדיק אין דער מדרגה פון אַן עולה ויורד, פון אַן אויפשטײַגנדיקן און אַראָפּ־שטײַגנדיקן.

(ר. ברײַנין: „פון מײַן לעבנסבוך")

**עולה יפה** זײַן *

מצליח זײַן, זיך אײַנגעבן, געלונגען.

איר זעט דאָך, אַז איך בין צוריק אַ שנײַדער, פאַרשטייט איר דאָך, אַז דער שידוך איז נישט עולה יפה געווען.

(י. ל. פּרץ: „נישט גוט")

**עולה רגל** זײַן

גיין צו פוס, פּילגערן (אין אַ הייליק אָרט).

מיקדש אין די בערג פון גליל! איך בין עולה רגל נאָך אַ מאָל צו דײַנע הייכן מיטן זעלבן שטעגל.

(ח. גראַדע: „צפת אין די בערג")

**עולה לתורה** זײַן

אויפגערופן ווערן צו אַן עליה (ביים לייענען די תורה).

ער האָט מיט דער צייט זײַן נאָמען פאַרגעסן... ווען איז אַזוינער עולה לתורה? (י. ל. פּרץ: „דער אַרענדאַר")

**עולם־האמת**

די וועלט פון אמת, די וועלט נאָכן טויט.

דאָ אויפן עולם־אמת וועסטו דײַן לוין באַקומען.

(י. ל. פּרץ: „באָנטשע שווײַג")

**עולם הבא** (אבות ד, א)

קומענדיקע וועלט (נאָכן טויט).

מיר האָבן רעוואָלטירט קעגן עולם הבא, און אָך און ווי צו אונדזער עולם הזה.

(א. גלאַטשטיין: „אייביקע חעגן פון אייביקן פאָלק")

**עולם הדמיון**

וועלט פון פאַנטאַזיע, וועלט פון חלומות.

ער גייט אַרום, ווי מען זאָגט, אויפן עולם הדמיון, ער איז יאָ דאָ און ער איז נישט דאָ.

(י. באַשעוויס: „דער צוריקגעשריגענער")

**עולם הזה** (אבות ד, א)

די וועלט (ביים לעבן). דאָס געניסן פון דער וועלט.

זאָל ער נישט זיין אַזוי אַריינגעטאָן... אין עולם הזה פון אכילה ושתיה.

(י. ל. פרץ: „דער אַרענדאַר")

**עולם השקר**

וועלט פון שקר, פאַלשע וועלט.

אוודאי איז די וועלט אַן עולם השקר, אָבער זי איז איין טריט פון דער אמתער וועלט.

(י. באַשעוויס: „גימפּל תם")

**עולם התוהו**

וועלט פון כאַאָס, וועלט פון צעטומלטקייט.

ער איז אַרומגעגאַנגען, איר פאַרשטייט צי ניין, אין עולם התוהו.

(ש"ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

**עולם התחתון**

די וועלט אונטן אויף דער ערד. די אונטערוועלט (פאַרברעכער).

מען האָט [די נשמה] אַראָפּגעשיקט אויפן עולם התחתון פאַרריכטן, נישט חלילה קאַליע מאַכן.

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט")

**עולם ומלואו** *

אַ פולע וועלט, אַ „וועלט מיט וועלטעלעך".

דער ליסאָער רב האָט פון אים (פון ר' זישעלען) געהאַלטן עולם ומלואו.

(י. ל. פרץ: „וואָס אַ מאָל וויניקער")

**עולם כמנהגו נוהג** (עבודה זרה נד) *

די וועלט פירט זיך אויף איר שטייגער.

עולם כמנהגו נוהג — אַזוי איז דער מנהג פון דער וועלט, אַז געלט גייט צו געלט, און צום שלימזל — שלימזל.

(ש״ע: „לאַטקעס של חנוכה״)

**עולם לסולם דומה** (תנחומא, מטות)

די וועלט איז געגליכן צו אַ לייטער.

עולם לסולם דומה — די וועלט איז ווי אַ לייטער: אַרויף גייט איינער, אַראָפּ דער צווייטער.

(פאָלקסווערטל״)

**עולמות עליונים** *

אייבערשטע (הימלישע) וועלטן.

מ׳זעט באַשיימפּערלעך, אַז ער שפּאַרט אָן אין די עולמות עליונים.

(י. באַשעוויס: „די עצה״)

**עומד בדבורו** (בבא מציעא טז) *

ער האַלט וואָרט, ער איז מקיים זיין צוזאָג.

צוגעזאָגט האָב איך דיר, און איך וויל זיין אַן עומד בדיבורי און טאָן דיין רצון.

(י. ל. פּרץ: „אַראָפּגעלאָזטע אויגן״)

**עומד בניסיון** זיין (לויט שמות רבה לב)

ביישטיין דעם נסיון.

ער איז געקומען עפּעס בעטן, און אַז ער האָט קיינעם נישט געטראָפן, איז ער נישט עומד בנסיון געווען.

(י. ל. פּרץ: „וואָס אַ מאָל חייניקער״)

**עומד על דעתו** (לויט חולין ז) *

ער האַלט זיך ביי זיין מיינונג.

[ער איז] געווען אַן עומד על דעתו, אַן עקשן.

(י. האָפּער: „ר׳ תנחום״)

**עוקר הרים** (ברכות סד)

רייסט אַרויס בערג. באַצייכענונג פאַר אַ גרויסן למדן און חריף.

וואָס האָט געוואָלט ר׳ מענדל דער עוקר הרים? אויף וואָס האָט ער געצאָרנט?

(ש. ביקל: „שרייבער פון מיין דור״)

**עוקר מן השורש** זיין (לויט אבות ג, יז) *

אויסרייסן מיטן וואָרצל, פאַרניכטן.

לבן האָט געוואָלט אומברענגען דאָס יידישקייט אין גאַנצן, עוקר מן השורש זיין.

(ש״ע: „ארבע כוסות״)

**עזוב תעזוב עמו** (שמות כג, 5)

העלפן זאָלסטו אים העלפן.

כ׳קאָן נישט לאָזן דעם שווער אַליין אַרבעטן! עזוב תעזוב שטייט געשריבן.

(י. י. זינגער: „די ברידער אשכנזי״)

**עזה כמוות אהבה** (שיר השירים ח, 6)

שטאַרק ווי דער טויט איז די ליבע.

דער זון בלייבט נישט שולדיק: כי עזה כמוות אהבה... ער זאָגט עס און ער בלייבט זייער שטיל.

(מ. ראַוויטש: „דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן״)

**עזר כנגדו** (בראשית ב, 18)

קעגנזייטיקער העלפער. אַ ווייב.

ער האָט איצטער נאָר געטראַכט וועגן איר, וועגן זיין עזר כנגדו.

(י. האָפער: „ר׳ תנחום״)

**עזרת־נשים**

ווייבערשול.

האָט זי אין עזרת־נשים זיך רעכט אויסגעוויינט דאָס האַרץ, די וועלט איינגעריסן.
(י. ל. פּרץ: „דער אַרענדאַר")

**עין בעין** (במדבר יד, 14) *

אויג אויף אויג, אָנקוקן גוט מיט די אויגן.

האָט ער זי געוואָלט זען עין־בעין.

(י. ל. פּרץ: „די תאווה צו קליידער")

**עין לא ראתה** (ישעיה סד, 3)

קיין אויג האָט אַזעלכעס נאָך נישט געזען (אויסדרוק פון באַגייס־טערונג).

ער וואַרפט אַן אוצר נאָך אַן אוצר... אוצרות — עין לא ראתה.

(י. ל. פּרץ: „שמחה שבשמחה")

**עין רואה ואוזן שומעת** (אבות ב, א)

אַן אויג וואָס זעט און אַן אויער וואָס הערט.

אָנשטאָט שטומע און בלינדע גזירות... זעט ער (דער ייד) אַ השגחה איבער דער וועלט, און השגחה איז עין רואה (צופיה) און אוזן שומעת, און צו השגחה קאָן מען אַפּעלירן.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**עין תחת עין** (שמות כא, 24) *

אויג פאַר אויג. אָפּצאָלן יענעם אַזוי ווי ער האָט געטאָן.

איך וועל זיי נישט שווייגן, עס וועט זיין עין תחת עין — אַ פּאַטש פאַר אַ פּאַטש.

(ש"ע: „אָרעמע און פריילעכע")

**עיר־הבירה**

הויפּטשטאָט.

דער פּעטער מיינער איז געווען איינער פון די גרויסע... פליישׂ־אימפּאָרטערן פון דער עיר־הבירה פון צוויי מיליאָנען מיילער.

(מ. ראַוויטש: „דאָס מעשׂה־בוך פון מיין לעבן")

**עיר ואם בישראל** (שמואל־ב כ, 19) *

**אַ שטאָט און אַ מוטער אין ישראל. אַ חשובע יידישע שטאָט.**

**כתרילעווקע איז אַ יידישע שטאָט, אַן עיר ואם בישראל.**

(ש״ע: „כתרילעווקער פּראָגרעס״)

**עכברא דשכיב אדינרי [עכבר השוכב על דינרים]** (סנהדרין כט)

**אַ מויז וואָס ליגט אויף רענדלעך. בדרך־משל: אַן עושר אַ קמצן.**

**ער איז אַליין געווען אַ גביר אַדיר, אָבער אַ קמצן אַ גרויסער, אַן עכברא דשכיב אדינרי.**

(מ. סמבטיון: „אַ פאַרגעסענע טובה״)

**על אחת כמה וכמה** (ברכות סא) *

**אוודאי און אוודא, געוויס און געוויס.**

**קאָן איך נישט זיין קיין קעגנער פון קולטיווירן יידיש, און על אחת כמה וכמה קאָן איך נישט זיין קיין קעגנער פון קולטיווירן העברעיש.**

(ת. גרינבערג: „ייד און וועלט״)

**על אלה אני בוכיה** (איכה א, 16)

**אויף זיי אַלע וויין איך, אויף דעם פאַרגיס איך טרערן.**

**על אלה אני בוכיה — עס האָט פאַרדינט, מען זאָל נאָך דעם לאָזן אַ טרער.**

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער״)

**על אפו ועל חמתו** *

**ס'איז אים דערווידער, ס'איז אים איבערדריסיק.**

**ביי מיר איז דאָס געזעגענען זיך עד היום על אפי ועל חמתי.**

(ש״ע)

**על דאטפת אטפוך [על שהטבעת אחרים, הטביעו אותך]** (אבות ב, ו) *

**ווייל דו האָסט יענעם דערטרונקען, האָט מען דיך דערטרונקען.**

על דאטפת אטיפוך — אַז איך צד האָט אַ לאַנגע צונג, מוז דער צווייטער אַרויסשטרעקן אַ לענגערע.

(י. ל. פרץ)

## על דעת עצמו *

אויף אייגענער דעה. אויף אייגענער האַנט.

און דער מלאך, דער שמש פון גן־עדן, האָט ביי קיינעם קיין רשות נישט גענומען, על דעת עצמו איז ער אַראָפּגעשאָסן אויף דער ערד נאָך לייבל קאַנסקיוואָלערס נשמה.

(י. ל. פרץ: „ביים גוסס צוקאָפּנס")

## על ה׳ ועל משיחו (תהילים ב, 2)

אויף גאָט און זיין געזאַלבטן. קעגן די גרעסטע מענטשן.

אַ צינגעלע שאַרף ווי אַ גאָלמעסער! פעך און שוועבל! רעדט על ה׳ ועל משיחו.

(ש״ע: „פונעם יאַריד")

## על הצד היותר טוב *

אויפן בעסטן אופן.

איך זאָל אייך קאָנען דינען אויף ווייטער אויך מיט מיין קעז און פּוטער על צד היותר טוב.

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער")

## על התורה ועל העבודה (לויט אבות א, ב) *

אויף תורה און אַרבעט.

ער זיצט על התורה ועל העבודה... פירט מיט דער פעדער און מאַכט קרוינען פאַרן באַשעפער.

(ש. י. עגנון: „די מעשה מיטן סופר" — איבערגעזעצט א. רובינשטיין)

## על כל צרה שלא תבוא (לויט פסחים קיז) *

אויף יעדער צרה, וואָס זאָל נישט קומען. גרייט זיך אויף יעדן אומגליק.

וואָלט דאָך אַזאַ פאָלק געדאַרפט תמיד אין די גוטע יאָרן זאָרגן און פאַרפעסטיקן זיינע קאָלעקטיווע פּאָזיציעס... על כל צרה שלא תבוא.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

## על מנת להשתקע

כדי זיך צו באַזעצן אויף שטענדיק.

האָט מען באַלד געקאָנט אַרויסזען, אַז [פּאָני] איז אַריין על מנת להשתקע, מיט אַלע פיר.

(ש"ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

## על־פּי דיני דמלכותא (נדרים כח)

לויט די געזעצן פון מלכות.

על־פּי דיני דמלכותא מוז מען לערנען רוסיש אין די חדרים.

(י. ל. פּרץ)

## על־פּי דרך הטבע *

אויפן נאַטירלעכן וועג.

אַ פרייע מדינה פון יידן און פאַר יידן... וועט ממילא, על־פּי דרך הטבע זיין יידיש.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

## על־פּי מקרה *

צופעליק, דורך אַ צופאַל.

אָט אַזוי דערהויבן ווערט מען על־פּי מקרה.

(אליעזר שטיינבאַרג: „משלים")

## על־פּי סברא (סברה) *

לויטן פאַרשטיין, לויטן לאָגישן טראַכטן.

גאַליציע וואָלט על־פּי סברא געדאַרפט זיין פאַר מיר דאָס פּאַסיקסטע אָרט.

(ח. זשיטלאָווסקי)

## על־פּי רמז *

דורך אַן אָנדײַט, לויט אַ װוּנק.

ביסלעכװײַז איז מיר דערקלערט געוואָרן... על־פּי רמז, דאָס הײסט אויפֿן װוּנק מיט אַן אָנצוהערעניש. (ממ״ס)

## על־פּי שׂכל *

לויטן שׂכל, לויטן פֿאַרשטאַנד.

ר׳ אפרים פּרובירט איר אויסטײַטשן דעם ענין על־פּי שׂכל.

(י. י. זינגער: „די משפּחה קאַרנאָווסקי״)

## על־פּי שני עדים יקום דבר (דברים יט, 15)

אויפֿן סמך פֿון צוויי עדות זאָל אַ זאַך באַשטיין.

על־פּי שני עדים יקום דבר, און די צוויי עדות זענען דאָס אויג און דאָס אויער.

(י. גאָלדקאָרן: „פֿון חעלטקוואַל״)

## על קידוש השם (ירושלמי, סנהדרין פּרק כא, ב)

אומקומען פֿאַר ייִדישקייט.

ער איז געווען גרייט מוסר נפֿש צו זײַן על קידוש השם.

(י. באַשעוויס: „די קלײנע שוסטערלעך״)

## על ראשון ראשון ועל אחרון אחרון (אבות ה, ז)

ענטפֿערט צו ערשט אויף דער ערשטער פֿראַגע און צום סוף אויף דער לעצטער. לויט אַ סדר.

ווילסט איך זאָל דיר ענטפֿערן אין איין קלאַפּ? האָב צײַט, זאָגט ער, איך וועל דיר ענטפֿערן על ראשון ראשון ועל אחרון אחרון.

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער״)

## על רגל אחת שבת לא) *

אויף איין פֿוס. זייער געשווינד.

מיר כאַפּן אָפּ דאָס גאַנצע ווערק על רגל אחת, אין איין אָטעם.

(ש״ע)

**על שלושה דברים העולם עומד: על התורה והעבודה ועל גמילות חסדים** (אבות א, ב)

אויף דריי זאַכן שטייט די וועלט: אויף לערנען, אויף אַרבעט און אויף קעגנזייטיקער הילף.

ביי אונדז יידן זאָגט זיך: על שלשה דברים העולם עומד: על התורה ועל העבודה ועל גמילות־חסדים — תורה, ווייסטו דאָך... איך וויל פשוט עבודה און גמילות־חסדים.

(ש. מילער)

**עלה והצלח!** (לויט מלכים־א כב, 15)

שטייג הויך און זיי מצליח!

איך האָף, אַז מיר וועלן זיך ווידער טרעפן אינעם בויענדיקן לאַנד, עלה והצלח!

(ה. גרינבערג)

**עלות השחר** (יהושע ו, 15) *

זונאויפגאַנג.

יעדן פאַרטאָג אויפגעשטאַנען און געזאָגט תהילים ביז צו עלות השחר.

(ש. אַש: „דער תהילים־ייד")

**עלי ועל צוואַרי** (פסחים ח) *

אויף מיר און אויף מיין האַלדז. אויף מיין אחריות.

עלי ועל צוואַרי! עס וועט זיי חלילה גאָרנישט שאַטן.

(ש"ע: „די רויטע יידלעך")

**עליונים למטה ותחתונים למעלה** בבא בתרא י

די אייבערשטע זענען אונטן, און די אונטערשטע — אויבן.

עס קאָן נאָך זיין... עליונים למטה ותחתונים למעלה... ווער עס דאַרף ליגן אין דער ערד זאָל מנצח זיין, און ווער עס דאַרף מנצח זיין — זאָל דער גאָר ליגן אין דער ערד און באַקן בייגל...

(ש"ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

**עלילת־דם** *

בלוט־בילבול (אַז יידן נוצן קריסטלעך בלוט צו באַקן מצות).

יידן האָבן געמיינט, אַז ס'איז זיכער אַן אומגליק... אָדער אַ גע־האַנגענעם האָט מען געפונען, אָדער חס־ושלום אַן עלילת־דם.

(ש"ע: „קנאַרטן")

**עליית־נשמה** (פון קבלה־ספרים)

נשמה־דערהייבונג, אויפשטײַג פון דער נשמה.

די כוונה איז צו ווײַזן אונדז די הויכע מדרגה פון מענטשן, זייער עלית־נשמה, זייער גלויבן.

(ש. ניגער: „דערציילער און ראָמאַניסטן")

**עם הדומה לחמור** (יבמות סב)

מענטשן וואָס זענען גלייך צו אייזלען.

ער האָט קיין בושה נישט, עסט אין מיטן מאַרק, איז פון דעם סאָרט וואָס די גמרא רופט: אַן עם הדומה לחמור.

(ר. ברײַנין: „פון מיין לעבנסבוך")

**עם הספר** *

דאָס פאָלק פון בוך (פון תנ"ך). בדרך־משל: יידן.

מיר האָבן מער ספרים־ירושה: ספרים וואָס זענען געווען במקום לאַנד, במקום היים און במקום פאַרוויילונג. מיר זענען דאָך אַן עם הספר.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע ווענן פון אייביקן פאָלק")

**עם חכם ונבון** דברים ד, 6) *

אַ קלוג און פאַרשטאַנדיק פאָלק. בדרך־משל: יידן.

מסתמא האָט זיך דער ערל געוווּנדערט אויף יידישער חכמה און זיך געטראַכט: טאַקע אַן עם חכם ונבון די דאָזיקע יידישע אומה.

(ממ"ס: „צוריק אַהיים")

**עם ישראל חי!** *

זאָל לעבן דאָס יידישע פאָלק!

מען טאַנצט מיט פייער און ברען, מען שרייט אויס: עם ישראל חי!

(נ. מייזיל)

**עם סגולה** (דברים ז, 6) *

אַן אויסדערוויילט פאָלק. אַ פאָלק מיט הויכע אידעאַלן.

אָריגינעלע יידישע שעפערישקייט האָט יידן געמאַכט פאַר אַן עם סגולה און זיי געגעבן דאָס באַוווסטזיין פון אַן אוניווערסאַלער שליחות.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**עם עולם**

אייביק פאָלק, וועלטפאָלק.

אַ פאָלק, וועלכעס איז אויסדערוויילט איז אַן עם עולם, אַ שליח־ציבור.

(אבאַ גאָרדין: „מאָראַל אין יידישן לעבן")

**עם קשה־עורף** (שמות לב, 9)

אַן עקשנותדיק פאָלק, אַן איינגעשפּאַרטע אומה.

זענען מיר דאָך אַן עם קשה־עורף פון פאַרצייטן אָן.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

**עמא פזיזא** (שבת פח)

אַן אייליק פאָלק, אַ פזיזותדיקע אומה.

מיר זענען פון אַ מאָל נאָך באַרימט פאַר אַן עמא פזיזא — מען איילט זיך... מיר ווילן די גאַנצע כל התורה כולה אַרייגברענגען שוין אין קינדער־גאָרטן.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

**עמוד־אש** (שמות יג, 21) *

פייערזייל. בדרך־משל: אַ גרויסער מנהיג.

אַחוץ די צוגעזאָגטע גאַנץ מאָגערע סטיפּענדיעס, האָט די יונגע

קינסטלער געמוטיקט און ווי אַן עמוד־אש זיי באַלויכטן דעם וועג דער לעגענדאַרער נאָמען אַנטאָקאָלסקי.

(ל. קעניג, „די גאָלדענע קייט", 16)

**עמוד־התווך, עמודי־התווך** (שופטים טז, 29)

צענטראַלזייל, פילאַר.

ער איז געווען איינער פון די עמודי־התווך פון יידישן שולוועזן אין פוילן.

(י. לעשטשינסקי)

**עמך ישראל צריכין פרנסה** (ברכות ג)

דיין פאָלק ישראל (יידן) דאַרף פרנסה.

ער וועט עס נישט אויספירן!... עמך ישראל צריכים פרנסה! עס איז דאָך אַ צער צוצוקוקן.

(ש. אַש: „דער תהילים־ייד")

**עמך כולם צדיקים** (ישעיה ס, 21)

דיין פאָלק זענען אַלע צדיקים.

איך האַלט נישט, אַז עמך כולם צדיקים, איך ווייס, אַז עס זענען ביי אונדז דאָ גענוג פאַרברעכער, געווען אַ סך קאַפּאָס אין די לאַגערן.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

**עמק הבכא** (ש אלקבץ: „לכה דודי")

יאָמערטאָל. באַצייכענונג פון גלות — אַן אָרט פול מיט יסורים און פּיין.

ער (דער בעל־שם־טוב) האָט פאַר זיי פאַרוואַנדלט די עמק־הבכה־וועלט אין אַ גן־עדן.

(א. שטיינמאַן: „דער נס בעל־שם־טוב")

**עונג־שבת** (לויט ישעיה נח, 13) *

שבת־פאַרגעניגן, שבתדיקער גענוס.

אַז איך טו זיך מיר אָן אַזאַ אויסגעניית העמד, דערפיל איך דעם זיבעטן טעם פון עונג שבת.

(פּ. מאַרקיש: „דור אויס און דור איין")

## עונש מן השמים

אַ שטראָף פון הימל.

די ערדציטערניש, האָבן זיי געדונערט אין זייערע זונטיק־דרשות, איז אַן עונש מן השמים פאַר די עבירות פון דער ליסאַבאָנער באַפעל־קערונג.

(ה. גרינבערג: „ייד און וועלט")

## עני הגון *

אַן אָרנטלעכער אָרעמאַן.

ער איז אַן עני הגון, ער איז געקומען עפּעס בעטן.

(י. ל. פּרץ: „וואָס אַ מאָל ווייניקער")

## עני ואביון (לויט תהילים לה, 10)

אַ גרויסער אָרעמאַן, אַן אביון „אין זיבן פּאָלעס".

איך בין, נישט פאַר דיר געדאַכט, אַ גרויסער עני ואביון, איך האָב אויף שבת נישט.

(י. ל. פּרץ: „זיבן גוטע יאָר")

## עני חשוב כמת (נדרים סד)

זיין אַן אָרעמאַן איז ווי געשטאָרבן, אַן אָרעמאַן איז ווי אַ מת.

עני חשוב כמת... אַ קבצן שמעקט מיט קברות־בלעטלעך.

(ממ"ס: „דאָס קליינע מענטשעלע")

## עני מדוכא *

אַ געדריקטער אָרעמאַן.

איך, עני מדוכא, וואָס שטימט דאָ ווי אַ פיש, וואָס מען טרעט דאָ ווי אַ וואָרעם.

(י. ל. פּרץ: „פון יוחנן מלמדס מעשהלעך")

**עני מרוד**

אַ וואַנדערנדיקער אָרעמאַן, אַן אָרעמאַן אָן אַ היים.
ער איז געווען אַן עני מרוד, אַ ביטערער אָרעמאַן.

(י. האָפּער: „ר׳ זלמן")

**עני שבעניים** *

אָרעמסטער פֿון צווישן די אָרעמע, דער סאַמע גרעסטער אָרעמאַן.
אפילו ביים לעצטן עני שבעניים מוז זיין פסח גלאָט כשר, ריין און זויבער. (ש״ע)

**ענייני דיומא**

פראַגן פֿון טאָג, אַקטועלע ענינים.
ער האָט זיך נוהג געווען צו זאָגן תורה ביים טיש, מערסטנס מעניני דיומא.

(נ. שמן: „דאָס געזאַנג פֿון חסידות")

**עפֿר ואפֿר** (בראשית יח, 27) *

שטויב און אַש. אַ זאַך וואָס האָט נישט קיין ווערט.
ווער דען זינדיקט אַז נישט דאָס נפֿש? דער גוף אפֿשר זינדיקט? דער עפֿר ואפֿר אפֿשר?

(י. ל. פרץ: „אַן אָפּקומעניש")

**עפֿרא דארעא** (ברכה ביים אויסראַמען דעם חמץ) *

שטויב פֿון דער ערד, אַ זאַך וואָס האָט נישט קיין ווערט.
דעם ספֿאָדיק זאָל מען אים אַראָפּרייסן פֿון קאָפּ, עפֿרא דארעא זאָל מען פֿון אים מאַכן.

(י. ל. פרץ: „שמעיה דער גיבור")

**עץ־הדעת** (בראשית ב, 9) *

בוים פֿון וויסן (גוטס און שלעכטס).
אַ דענקער ברעכט אָפּ די פֿאַרוויאַנעטע צווייגן פֿון דעם עץ־הדעת.
(א. שטיינמאַן: „דער נס בעל־שם־טוב")

**עץ־חיים** (משלי ג, 18)

1) בוים פון לעבן, 2) הילצערן הענטל פון אַ ספר־תורה.

מאַכט מען דאָך אָבער פון איין שטיק האָלץ אַ לאָפּאַטע און אַן עץ־חיים.

(י. ל. פרץ: „דער עונש")

**עץ קטן מדליק את הגדול** (תענית ז)

אַ קליין שפּענדל צינדט אָן אַ גרויסן שייט האָלץ.

[די חכמים] האָבן געמאַכט אים (דעם תלמיד) פאַר אַ שותף אין פּראָצעס פון שאַפן דאָס וויסן, ווי זיי אַליין האָבן עס אויסגעדריקט: עץ קטן מדליק את הגדול.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

**עקרת הבית** (תהילים קיג, 9)

בעל־הביתטע (באַלעבאָסטע).

איר אַמביציע איז צו זיין אַ גוטע באַלעבאָסטע, אַן אמתע עקרת הבית.

(ד״ר יוסף קרוק: „גאָלדע מאיר")

**ערב־רב** (שמות יב, 38) *

מענטשן־געמיש. פינצטערע מאַסן.

דאָס איז קיין וועלט נישט! אַן ערב־רב איז עס, אַ דולהויז.

(י. ל. פרץ)

**עשה שבתך חול ואל תצטרך לבריות** (פסחים קיב)

מאַך דעם שבת וואָכעדיק און קום נישט אָן צו קיין מענטשן.

עשה שבתך חול ואל תצטרך לבריות... גיין עסן צו פרעמדע האָט ער בשום אופן נישט געוואָלט.

(י. האָפּער: „ר' זלמן")

**עשיר יענה עזות** (משלי יח, 23)

דער גביר ענטפערט מיט חוצפה.

איך וווּנדערט זיך חוצפּה? ער איז דאָך אַ נגיד, און עשיר יענה עזות.

(מ. באָרײשאַ)

**עשרת הדברות** (דברים י, 4) *

צען געבאָט (פון דער תורה).

פון די עשרת הדיברות אָן, פון אָנהייב אָן הייסט עס, איז ייִדישקייט אַן אידעאַל.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע ווערן פון אייביקן פאָלק")

**עת לחשות ועת לדבר** (קוהלת ג, 7)

פאַראַן אַ צייט צו שווייגן און אַ צייט צו רעדן.

ער האָט עס מורא געהאַט צו ברענגען איבער די ליפּן... עת לחשות ועת לדבר! עס איז איצט די צייט פון שווייגן.

(י. י. טרונק: „משיח־געוויטער")

**עת לעשות**

אַ צייט צו טאָן.

איך ווייס, בעלי־הבתים ווילן מיך רודפן, נאָר עת לעשות!

(י. ל. פּרץ: „חסידיש")

**עת לעשות לה׳, הפרו תורתך** (תהילים קיט, 126)

לויט דעם אויסטייטש פון תלמוד (ברכות נד): כדי צו טאָן אַ מצווה, מעג מען איבעררייסן דאָס לערנען.

עת לעשות לה׳, הפרו תורתך! — טו איך אַ געשריי — לערנען גמרא קאָן יעדער בעלפער!

(י. באַשעוויס: „מעשה טישעוויץ")

**עת צרה ליעקב** (ירמיה ל, 7) *

אַ שלעכטע צייט פאַר יעקבן (פאַר ייִדן).

עס איז היינט אַן עת־צרה ליעקב, אַ שווערע צייט פאַר אונדזערע ייִדן.

(מ. בורשטין)

**עת־רצון, שעת־רצון** (לויט ישעיה מט, 8) *

אַ שעה פון גוטן ווילן, אַ גוטע מינוט.
אין די עולמות עליונים איז געווען אַן עת רצון.

(י. י. טרונק: „משיח־געוויטער")

און האָט ברוך־השם געפועלט! אַ שעת־רצון.

(י. ל. פרץ: „אַ קאַפּיטל תהילים")

**עתיד ליתן את הדין** (שבת צו)

ער וועט שטיין צום משפּט. ער וועט באַקומען זיין שטראָף.
זע, אַז דו זאָלסט חלילה נישט זיין עתיד ליתן את הדין, ווי איך בין עס.

(י. האָפּער: ר׳ תנחום")

## פ

**פּאר־הדור**

די פּראַכט פון דער תקופה, די צירונג פון דור.
ר׳ נחמן אַליין האָט אויף אים (אויף ר׳ לוי יצחק) געזאָגט, אַז ער איז דער פּאר־הדור.

(ה. צייטלין: „ר׳ נחמן בראַצלאַווער")

**פּדיון הנפש** (שמות כא, 30) *

נשמה־אויסלייזונג. דאָס אויסלייזן אַ מענטשן (ראַטעווען זיין לעבן).
איך וועל דאָס לעצטע העמד פאַרזעצן און אַוועקגעבן אויף פּדיון־הנפש.

(ש. אַנסקי)

**פּדיון שבויים** (חולין ז)

אויסקויפן געפאַנגענע, אויסלייזן פאַרכאַפּטע יידן.
ער האָט מיט נאָך מער ברען געגומען רעדן וועגן פּדיון־שבויים, און קודם־כל וועגן אַרויסראַטעווען דעם אַלטן ר׳ אפרים.

(י. י. זינגער: „די משפּחה קאַרנאָווסקי")

**פה אחד** *

מיט איין מויל. איינשטימיק.

יעדעס יידישע קינד... קאָן גרייִלעך זיין משיח, האָבן זיי געזאָגט בפה אחד.

(י. י. טרונק: „משיח־געװיטער")

**פה אל פה**

מויל צו מויל. פּערזענלעך, אויף פיר אויגן, איינער מיטן אַנדערן.

און קומט דער בעל־שם, זיצט ער אָפּ מיט שמואלן גאַנצע שעהען אין חדר און מען שמועסט פה אל פה.

(י. ל. פּרץ: „דער בעל־שם פירט אויס אַ שידוך")

**פה מפיק מרגליות** (קידושין לט)

פּערל שיטן זיך פון זיין מויל.

הרב ביאַליק, פּערל שיטן זיך ביי אייך פונעם מויל... פה מפיק מרגליות.

(מ. סמבטיון: „דער זעקסטער וועלטטייל")

**פה נטמן** (פ"נ) *

דאָ ליגט באַגראָבן. אָנגענומענע אויפשריפט אויף אַ מצבה.

וויל מען זאַמלען אַלץ וואָס אונדזער יידיש האָט ווילד אָנגעקליבן און שטעלן אַ גרויסע מצבה אונדזער שפּראַך, אַז יידיש אַליין זאָל ליגן אונטער אַ ריזיקן פה נטמן?...

(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען")

**פה קדוש** (סנהדרין כג)

אַ הייליק מויל.

וועסט אפשר לאָזן רוען? האָט שוין צעעפנט זיין פה קדוש, האָט ער שוין.

(ש. מילער: „דור המדבר")

**פוגע בכבוד** זיין *

אָנרירן יענעמס כבוד, עמעצן באַליידיקן.

האָט קיין פּאַראיבל נישט, רב טביה, אפשר האָב איך אייך פּוגע בכבוד געווען.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**פּוסח על שתי הסעיפים** (מלכים־א יח, 21)

ער שפּרינגט אויף צוויי צווייגן. בדרך־משל: ער וואַקלט זיך און קאָן נישט באַשליסן.

עד מתי אתם פּוסחים על שתי הסעיפים? — אליהו וויל נישט און קאָן נישט פאַרשטיין קיין וואַקלענישן אין אַזעלכע ענינים ווי גלויבן און מאָראַל.

(א. מענעס: „אליהו הנביא")

**פּוסק אחרון** *

דער לעצטער און ענדגילטיקער פּוסק.

צוזאַמען פלעגן מיר גיין מיטן מאמר אין האַנט צום ד"ר קאַצע־נעלסאָן, וועלכער איז געווען... פּוסק אחרון אין דער גאַנצער ענציקלאָ־פּעדיע.

(ז. שזר: „ליכטיקע פּערזענלעכקייטן")

**פּוק חזי מאי עמא דבר [צא וראה איך העם נוהג]** (ברכות מה)

גיי און זע, ווי אַזוי דאָס פאָלק פירט זיך.

אַז עס איז פון פאָלק, איז עס אים ליב און טייער — „פּוק חזי מאי עמא דבר". (א. גאָלאָמב: „רבן ש. ראַבידאָוויטש")

**פּורץ גדר** קוהלת י, 8

צוימען־ברעכער, בונטאַר.

ראובן ברײנין איז געווען אין דער העברעישער ליטעראַטור אַ פּורץ גדר, אַ צוימען־ברעכער, אַ נאָוואַטאָר, אַ בונטאַר.

(נ. מייזיל: הקדמה צו „פון מיין לעבנסבוך")

**פּורש בשמו** זיין *

אָנרופן זיין נאָמען.

פסוקים און טײַטשן

איך וויל נישט פורש בשמו זײַן, עס פּאַסט נישט.

(ש״ע)

**פושט צורה ולובש צורה** (רוח־חן י)

ער בײַט זײַן אויסזען, נעמט אָן אַ נײַע צורה.

אַלץ וואָס לעבט ענדערט זיך... ייִדישקייט האַלט זיך כסדר אײַן ענדערן זיך: פושט צורה ולובש צורה.

(א. גאָלאָמב: „ישראל ואורייתא״)

**פחות משווה פּרוטה** (עירובין סב) *

וואָס ס׳איז ווערט ווייניקער פון אַ פּרוטה, אַ קלייניקייט.

זאָל מײַן מאַן הייסן, שיק איך באַלד צום רבין מײַן יום־טובדיק שטערן־טיכל, נאָר אָן מײַן מאַן — נישט קיין פחות משווה פּרוטה.

(י. ל. פּרץ: „צווישן צוויי בערג״)

**פּחיתות־הכבוד** *

פאַרמינערונג פון כבוד. באַליידיקונג, דערנידערונג.

ער באַטראַכט עס פאַר אַ פּחיתות הכבוד. ווען מען וויל אָרויפּ־צווינגען אויף אים אַ רעליגיעזן קאָדעקס.

(ה. גרינבערג: „ייִד און וועלט״)

**פּטור בלא כלום אי אפשר** (חולין כז)

אָפּקומען מיט גאָרנישט קאָן מען נישט.

מען מוז אויף דעם רעאַגירן, פּטור בלי כלום אי אפשר.

(ש. ל. ציטראָן)

**פּיקוח נפש** (יומא פב)

ראַטעווען דאָס לעבן פון אַ מענטש.

איך רעד וועגן פּיקוח־נפש, און אַזעלכע זאַכן מעג מען רעדן אפילו אום יום־כיפּור.

(י. י. זינגער: „די משפּחה קאַרנאָווסקי״)

**פיקוח נפש דוחה שבת** (לויט שבת קלב)

**כדי צו ראַטעווען דאָס לעבן פון אַ מענטש איז מען מחלל שבת.**

**ניין! איז זיך ר' ליפּע מיישב: פּיקוח נפש דוחה שבת! דאָס לעבן שטייט ביי גאָט העכער ווי אַלץ.**

**(ח. נ. ביאַליק: „דער קורצער פּרייטיק", איבערגעזעצט: ח. גורט)**

**פּלאי פּלאים** (שמות רבה ה) *

**ווונדער איבער ווונדער.**

**פּלאי־פּלאים! גאָרנישט צו פאַרשטיין!**

**(ש"ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")**

**פּמליא של מעלה** (לויט ברכות יז)

**הימלשע סוויטע, גאָטס מלאכים.**

**ער איז אפילו גאָר אַ פּראָסטלעכער ייד, נאָר אין דער פּמליא של מעלה קוועלט מען אָן פון זיין תהילים־זאָגן.**

**(י. י. טרונק: „משיח־געוויטער")**

**פּנה הודה, פּנה זיוה, פּנה הדרה** (לויט בראשית רבה סח) *

**אַוועק איר פּראַכט, גלאַנץ און שיינקייט.**

**איז איר די שטאָט נמאס ומיאוס געוואָרן — פּנה הודה, פּנה זיווה, פּנה הדרה.**

**(י. ל. פּרץ)**

**פּנו מקום!** (עירובין פה)

**מאַכט אָן אָרט, מאַכט אַ וואַרע.**

**באַלד לאָזט זיך הערן אַ בת־קול... פּנו מקום! — מאַכט אַ וואַרע דעם גאַסט.**

**(ממ"ס: „ספר הגילגולים")**

**פּני העיר** (בראשית רבה עט) *

**אָנגעזעענע בעלי־בתים פון שטאָט.**

[דערמיט] האָבן זיך פאַרנומען די פּני־העיר, די חשובסטע אַלטע בעלי־בתים.

(צ. קאַצענעלסאָן)

**פּנים אל פּנים** (שמות לג, 11) *

פּנים צו פּנים, פּערזענלעך, אויג אויף אויג.

מײַן ערשטע באַגעגעניש, נישט פּערזענלעך, און דאָך פּנים אל פּנים מיט יידישע שרײַבער: פּרץ, אַש, רייזען, נאָמבערג.

(מ. ראַוויטש: „דאָס מעשה־בוך פון מײַן לעבן")

**פּנים חדשות** *

אַ ניי פּנים, אַ נייער מענטש.

איך איינער אַן אַלטער, פול פּנים חדשות.

(י. ל. פּרץ)

**פּרא אדם** (בראשית טז, 12)

אַ מענטש ווי אַ מדבר־אייזל. ווילדער מענטש. אַ מענטש אָן קולטור.

קיין טאָג וויל איך מער נישט זײַן צווישן די פּרא־אדמס און די עמי־הארצים.

(י. י. זינגער: „די משפּחה קאַרנאָווסקי")

**פּרד"ס** (**פּ**שט, **ר**מז, **ד**רוש, **ס**וד)

די ראשי תיבות פון פרדס: פּשט, רמז, דרוש, סוד (פיר שיטות צו אויסטײַטשן די תורה).

די לעצטע טעג האָב איך אָנגעשריבן אין יידיש אַ נײַע דערציילונג... זי איז געשריבן לויט פּרד"ס (פּשט, רמז, דרוש, סוד), און דער פּשוטער פּשט פאַר זיך איז אויך זייער שיין.

(ממ"ס, לויט „דאָס מענדעלע־בוך")

**פּרוד־הלבבות, פּירוד־הלבבות**

הערצער־צעשיידונג. צעטיילונג פון פרײַנד.

און צום סוף איז געקומען די פערטע סכנה: די סכנה פון פירוד הלבבות, די סכנה פון דער צעפאַלונג פון דער מחנה.

(ז. שזר: „ליכטיקע פערזענלעכקייטן")

**פרוש־המלות, פירוש־המלות**

ווערטער־פאַרטייטשונג, טייטש פון די תפילות.

איר פאַרשטייט דעם פירוש־המילות פון אַזאַ מין תרגום־לשון?

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**פרחה נשמתו**

די נשמה איז פון אים אַרויסגעפלויגן. ער האָט זיך זייער דערשראָקן.

איבערגעריסן דער שעפערישער תורה־פּראָצעס, איז פרחה נשמתו פון פאָלק.

(א. גאָלאָמב: „ר' שמעון ראַבידאָוויטש")

**פרפראות לחכמה** (אבות ג, יח)

אַ צובייס (פאַרבייסעכץ) צו חכמה.

אגדה איז ווייט נישט שטענדיק... פרפראות לחכמה, אויף אַ געוויסן שטח... איז זי די חכמה גופא.

**(ח. גרינבערג: „ייִד און וועלט")**

**פרצה קוראה לגנב**

אַן אָפן אָרט (אָן השגחה) פאַרבעט דעם גנב.

מען טאָר נישט לאָזן די זאַכן אָן אַ שומר — פרצה קוראה לגנב.

(מ. בורשטין)

**פרשת־דרכים** (עירובין נג)

שיידוועג, אַן איבערברוך־מאָמענט.

עס איז געווען ווי אַ פרשת־דרכים אין מיין שריפטשטעלערישן לעבן.

(י. י. טרונק: „משיח־געוויטער")

**פשוטו כמשמעו** (רש״י: בראשית ח, 7)

פשוט ווי עס רעדט זיך.

דו מיינסט, טאַטע, מען האָט מיך פשוטו כמשמעו אַפּגעלאָזט?

(ממ״ס)

**פשוט נבילה בשוק, ואל תצטרך לבריות** (פסחים קיג)

שינד אָפּ דאָס פעל פון אַ געפאַלענער בהמה אין מאַרק, אַבי נישט אָנצוקומען צו קיין מענטשן.

ער האָט פיל יאָרן געליטן נויט און דחקות... האָט ער געפאָלגט די מימרא: „פשוט נבלה בשוק ואל תצטרך לבריות״.

(נ. מייזיל: „י. י. זינגער״)

**פתח בכד וסיים בחבית** (בבא קמא כז)

ער האָט אָנגעהויבן מיט אַ קרוג און אויסגעלאָזן מיט אַ פאַס. ער איז אַראָפּ פון דער טעמע.

אויף אונדזער פיינעם בעלעטריסט קאָן מען זאָגן: „פתח בכד וסיים בחבית״... ער האָט אָנגעהויבן מיט סקעפּטיציזם און אויסגעלאָזן מיט ציניזם.

(א. א. ראָבאַק: „דער פאָלקסגייסט אין יידיש״)

**פתחון־פה** (בראשית רבה א) *

אַן אויסרייד, אַ טענה.

אוודאי איז הערשל נישט אויסן געווען צו געבן אַ פתחון פה דעם שטן.

(ש. י. עגנון: „אַ פשוטע מעשה״)

**פתי יאמין לכל דבר** (משלי יד, 16)

אַ נאַר גלייבט אַלץ.

איין מענדעלע איז אַ שוטה, אַ פתי יאמין לכל דבר, דער אַנדערער מענדעלע איז גראָד אַ חכם, אַן איבערגעשפּיצטער.

(ממ״ס: „אין אַ שטורעם־צייט״)

# צ

**צא וראה היאך הציבור נוהג — וינהוג!** (ירושלמי, מעשרות ה)

גיי און זע, ווי אַזוי קהל איז זיך נוהג — און פיר זיך אויך אַזוי.

עס זענען פאַראַן אומעטום קאָנווענציאָנעלע מנהגים... וואָס מיר זענען מקיים כמעט אויטאָמאַטיש... „צא וראה איך הציבור נוהג".

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**צאן מרעיתו** (ירמיה כג, 1)

שאָף פון זיין פיטערונג. זיין קהילה.

ער בלייבט מיט זיין קהילה, ער וועט זיינע צאן מרעיתו נישט מפקיר זיין.

(ש. אַש)

**צאן קדשים** (יחזקאל לו, 38) *

הייליקע שאָף. בדרך־המשל: יידישע תמימותדיקע קינדער.

מיינע צאן קדשים זענען לוסטיק געלאָפן, געשפרונגען.

(ממ"ס: „דאָס קליין מענטשעלע")

**צבת בצבת עשויה** (אבות ה, ו)

אַ צוואַנג איז מיט אַ צוואַנג געמאַכט געוואָרן (יעדע זאַך ווערט געמאַכט מיט אַ כלי).

ווי קאָן מען דאָס מאַכן, אַז מיר האָבן נישט די פּאַסיקע כלים... אף צבת בצבת עשויה!

(ז. י. אנכי)

**צד השווה**

דאָס געמיינזאַמע, דאָס בשותפותדיקע.

עס איז קלאָר, אַז דאָס געמיינזאַמע, דער צד השווה ביי זיי איז געווען פריער פון אַלץ די אומצופרידנקייט.

(נ. מייזיל: „דער נסתר")

**צד שכנגד** *

דער צווייטער צד, דער קעגנערישער צד.

וויפל ער גיט, וויל ער, אַז דער צד שכנגדו זאָל געבן צוויי מאָל אַזוי פיל. (ש״ע : „מנחם מענדל״)

**צדיק באמונתו יחיה** (חבקוק ב, 4)

דער צדיק לעבט מיט זיין אמונה.

אין אייבערשטן גלייבסטו, משה? — אוודאי. — ווייל איז דיר, וצדיק באמונתו יחיה!

(י. באַשעוויס : „די פאַמיליע מושקאַט״)

**צדיק ורע לו, רשע וטוב לו** (ברכות ז)

פאַר וואָס דעם צדיק גייט שלעכט, און דעם רשע גייט גוט.

די אַלטע קשיא האָט געעגבערט דעם מוח : צדיק ורע לו, רשע וטוב לו.

(י. באַשעוויס : „די פאַמיליע מושקאַט״)

**צדיק יסוד עולם** (משלי י, 25)

דער צדיק איז דער פונדאַמענט פון דער וועלט.

ר׳ יחיאל גיט איר (דער וועלט) אַ תיקון. ער איז אַ צדיק, און צדיק יסוד עולם.

(ש. ניגער : „דערציילער און ראָמאַניסטן״)

**צדיק כתמר יפרח** (תהילים צב, 13)

דער צדיק וועט בליען ווי אַ טייטלבוים.

צדיק כתמר יפרח — אַ צדיק צעוואַקסט זיך ווי אַ טייטלבוים.

(א. שטיינמאַן : „דער נס בעל־שם־טוב״)

**צדיקים במיתתם קרויים חיים** (ברכות יח)

צדיקים לעבן נאָך זייער טויט (זיי ווירקן אויף דער געזעלשאַפט ווי ביים לעבן).

גרויסע מענטשן בלייבן לעבן צווישן מענטשן, צדיקים במיתתם

קרויים חיים! זיי שוועבן אין די מענטשן, לעבן אין זיי, ווערן איינגע־אָטעמט אין לעבן.

(נ. שמן: „דאָס געזאַנג פון חסידות")

**צדקה עשה הקדוש־ברוך־הוא עם ישראל שפזרם לבין האומות** (פסחים פז)

אַ חסד האָט גאָט געטאָן מיט יידן, וואָס ער האָט זיי צעשפּרייט צווישן די אומות.

צדקה עשה הקב"ה עם ישראל שפזרם לבין האומות — איז איבסען געוועזן ברוגז, הלמאי יידן ווילן זיך פון דער דאָזיקער צדקה פרייוויליק אָפּזאָגן און ווערן פּראָסטע בשר־ודמס.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**צדקה תציל ממוות** (משלי י, 2)

צדקה איז מציל פון טויט.

אַ באַרג מיט אַלערליי מטבעות איז געלעגן אויפן טיש, און אָרעמע־לייט זענען אַריינגעקומען און גענומען... — רבי, זאָג איך, — עס שטייט דאָך: צדקה תציל ממוות (י. ל. פּרץ: „צווישן צוויי בערג")

**צהלה ושמחה** (מגילת אסתר ח, 15) *

(ס'איז) לוסטיק און פריילעך.

חי געלעבט און אַן עק... צהלה ושמחה — הוליע קבצן!

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**צור מחצבתו** (ישעיה נא, 1)

דער פעלדז, פון וועלכן ער איז אויסגעהאַקט, זיין אָפּשטאַם.

ער איז שוין לאַנג אַוועק פון יידישקייט און פאַרגעסן זיין היים, זיין צור מחצבתו.

(ש. אַש)

**צורר ישראל, צורר היהודים** (מגילת אסתר ג, 10)

יידנפיינט, שונא פון יידישן פאָלק.

ער האָט אויך געהערט, אַז דער צורר היהודים האָט אַרויסגעיאָגט די יידן פון דייטשלאַנד.

(י. באַשעוויס: „די קליינע שוסטערלעך")

**צורת־אות** *

דאָס אויסזען פון אַן אות. נישט קענען קיין צורת אות — נישט קאָנען לייענען.

ביז דרייצן יאָר האָט ער נישט געקענט קיין צורת־אות.

(ש. אַש)

**צורת מטבע** (עבודה זרה מב) *

דאָס אויסזען פון אַ מטבע.

זיי זענען בלויז אַריינגעטאָן אין די עולמות עליונים און ווייסן נישט קיין צורת מטבע.

(ל. לערער: „יידישקייט")

**צידה לדרך** *

רייזע־פּראָוויאַנט, זאַכן אויפן וועג.

און פול די קאַמערן צידה לדרך.

(י. ל. פּרץ: „דער בעל־שם פּירט אויס אַ שידוך")

**צידוק־הדין** (עבודה זרה יח)

דאָס באַרעכטיקן דעם דין, דאָס אָננעמען אָן טענות גאָטס שטראָף.

די אַלטע באַדערפעניש פאַר טעאָדיציע — פאַר צידוק־הדין... גאָט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**צלם אלוהים** (בראשית ט, 6)

אָפּבילד פון גאָט, געטלעך אויסזען.

דער צלם אלוהים פעלט נישט אויף קיין איין־און־איינציק מענטשלעך געזיכט.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**צנא מלא ספרי** (מגילה כח)

אַ קויש פול מיט ספרים.

כבוד־באַצייכענונג פאַר אַ מענטשן, וועלכער איז אַ בקי אין ספרים און פול מיט ידיעות.

זי איז אַ צנא דמלא ספרא, אַנגעלייענט ווי אַ פויק.

(מ. סמבטיון: „אַ פאַרשפּעטיקטע חרטה")

**צער בעלי חיים** (שבת קכא) *

רחמנות אויף אַ לעבעדיק באַשעפעניש.

עס איז אַ צער בעלי־חיים געווען צו קוקן, ווי דאָס אָרעמע פייגעלע האָט זיך קיין אָרט נישט געפונען.

(י. ל. פרץ: „פון יוחנן מלמדס מעשהלעך")

**צער גידול בנים** (שבת פט) *

דער צער פון דערציִען קינדער.

שווער דער צער גידול בנים, ערגער איז נאָך אָן אים.

(אליעזר שטיינבאַרג)

**צרות הכלל** *

אַלגעמיינע צרות, צרות פון דעם כלל.

שווער אויפן האַרצן, סיי פון אייגענע צרות, סיי פון צרות הכלל.

(ש. ל. ציטראָן)

**צרות צרורות** *

גרויסע צרות.

דאגת פרנסה איז אַ רבי! צרות צרורות זענען גוטע מלמדים.

(י. ל. פרץ: „פון יוחנן מלמדס מעשהלעך")

**צרכי־ציבור** (תפילה פון „מי שברך") *

קהילהשע זאַכן, געזעלשאַפטלעכע ענינים.

עס האַלט ביי צרכי־ציבור, מע דאַרף ראַטעווען אַ שטאָט.

(ש"ע: „לשנה טובה")

**צרת־רבים חצי נחמה**

אַ צרה וואָס קומט אויפֿן כלל, איז אַ האַלבע טרייסט.

צרת רבים חצי נחמה — אַז מען זעט זיך אָן יענעמס צרות, ווערט אַ ביסל גרינגער אויף דער נשמה.

(ש״ע: „מנחם מענדל״)

## ק

**קבורת־חמור** (ירמיה כב, 19) *

אַ קבורה פֿון אַן אייזל. אַ באַליידיקנדיקע קבורה (ביים פּלויט פֿון בית־עולם).

עמעצער האָט אויסגעגעבן... אַ מסור! ביי יידן אַ מסור! קבורת־חמור.

(ש. מילער: „דור המדבר״)

**קבלו דעתי** *

נעמט אָן מיין מיינונג.

אַזוי מיין איך, נאָר קבלו דעתי זאָג איך נישט. (י. ל. פרץ)

**קבר־אבות** *

עלטערן־קבר.

ווייבער זענען געגאַנגען אויף קבר־אבות, געמאָסטן פעלד און פאַרגאָסן טייכן טרערן. (ממ״ס)

**קבר ישראל, קבורת ישראל** *

קבר אויפֿן יידישן בית־עולם, קומען צו קבורה לויטן יידישן דין.

איך וויל קומען צו קבר ישראל אין רעדים, לעבן מיין טאַטן און לעבן מיין מאַמען און לעבן בלימעשי, מיין ווייב.

(מ. ראַוויטש: „דאָס מעשה־בוך פֿון מיין לעבן״)

**קדוש וטהור** *

אַ זייער הייליקער מענטש.

ווער ביסטו און וואָס ביסטו, אַז דו האַלטסט דיך פאַר אַ קדוש וטהור?

(ש. אַש: „דער תהילים־ייד")

**קדושים תהיו** (ויקרא יט, 2)

הייליק זאָלט איר זיין.

קדושים תהיו — הייליק זאָלט איר זיין, איז אונדז אָנגעזאָגט געוואָרן אין דעם באַגינען פון אונדזער געשיכטע.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע חעגן פון אייביקן פאָלק")

**קדרא דבי שותפי לא חמימא ולא קרירא**

**[סיר־בישול של שותפים אינו חם ואינו קר]** (עירובין ג)

אַ שותפותדיקער טאָפּ [געקעכטס] איז נישט וואַרעם און נישט קאַלט.

אַ שטיקל טרוקן ברויט מיט זאַלץ צו עסן און נישט האָבן קיין עסק מיט שותפים... „קדרא דבי שותפי לא חמימא ולא קרירא", אַליין איז די נשמה ריין.

(ז. י. אנכי)

**קודש־קדשים; קדשי־קדשים** (ויקרא כד, 9) *

זייער הייליק; די סאַמע הייליקסטע זאַך.

ס'איז אַלצדינג געווען אמת, קודש־קדשים.

(ש"ע)

געבן עפּעס אַזוינס וואָס געהערט צום קדשי־קדשים פון דעם לאַנד.

(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען")

**קול דממה דקה** (מלכים־א יט, 12)

אַ שטיל קול, דאָס שטילע רעדן.

אליהו איז יאָ אַנטלאָפן אין מדבר אַריין. האָט נישט דאָס קול דממה דקה... אים נישט געשיקט צוריק צו זיין לעבנס־אויפגאַבע?

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

**קול־קורא**

אויפרוף, אַן עפנטלעכעווענדונג צום קהל.

איר האָט כמעט אין יעדן נומער אַ קול־קורא צו די לייענער.

(א. מוקדוני: „די גרויסע שפע פון יידישע ביכער״)

**קול קורא במדבר** (לויט ישעיה מ, 3)

אַ רוף אין מדבר (וואָס קיינער הערט אים נישט).

פּראָפ׳ פינקלשטיינס אַלאַרעם איז געווען אַ קול־קורא במדבר.

(א. מוקדוני: „יידישע קולטור אין אַמעריקע״)

**קולי־קולות** (ברכות טו) *

געשרייען, געוואַלדן.

חברה שלאָגט זיך, מאַכט קולי־קולות.

(י. ל. פּרץ: „וואָס אַ מאָל ווייניקער״)

**קונה הכל** *

ער קויפט אַלץ.

ער איז געווען אַ קונה הכל, אויף אַלץ אין דער וועלט איז ער געווען אַ קונה.

(ש״ע)

זיך **קונה עולם** זיין (עבודה זרה י) *

זיך דערווערבן אייביקייט.

מען קאָן מיט איין דערציילונג זיך קונה עולם זיין טאַקע אין די אייביקע אייביקייטן.

(ש. שטערן)

זיך **קונה שם** זיין (אבות ב, ז) *

באַקומען אַ נאָמען, באַרימט ווערן.

דער יונגער וויסנשאַפטסמאַן האָט זיך קונה שם געווען מיט זיין געזאַנג וועגן די יידישע אותיות.

(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען״)

**קופה של שרצים** (יומא כב) *

אַ פושקע מיט שרצים, אַ פעקל מיט (אַלטע) חטאים.

אַן אויפגעקומענער עושר מיט אַ קופה של שרצים אויף די פּלייצעס.

(י. ל. פּרץ)

**קוצו של יוד** (מנחות לד) *

דאָס שטריכעלע פון אות „יוד". אַ קלייניקייט.

ער איז נישט מוותר אויף קיין קוצו־של־יוד פון דעם שעפערישן גלות.

(א. גאָלאָמב : „רבן שמעון ראַבידאָוויטש")

**קורא נכבד** *

חשובער לייענער.

דער מסחר מיט ספרים איז געוואָרן וואָס אַ טאָג ערגער. דער קורא נכבד האָט אויסגעזען ווי אַ חולה.

(ממ"ס : „אין אַ שטורעמצייט")

**קורע כדג** זיין (פסחים מט) *

צערייסן ווי אַ פיש.

ווען ער קריגט איצט אין די הענט אַריין דעם קליינעם איטשעלע, וואָלט ער אים קורע־כדג געווען.

(י. האָפּער : „ר' זלמן")

**קטונתי מכל החסדים** (בראשית לב, 11)

איך בין צו קליין, נישט ווערט די חסדים.

זאָג איך צו זיי : ברידערלעך, קטונתי מכל החסדים... קלייבט איך אויס אַ שוסטער פּאָר אַ גבאי.

(ש"ע : „אָרעמע און פריילעכע")

**קטלי קני** (סנהדרין לג) *

העקער פון ראָרשטעקלעך. גאָר פּראָסטע מענטשן.

יאָסל אַליין איז אויך נישט געווען קיין פּראָסטאַק, קיין אַבי־ווער, קיין קטלי־קני.

(דער נסתר: „דערציילונגען און עסייען")

**קטנות המוחין**

קליינקעפּלדיקייט. נישט קלאָרע מחשבות.

[אַהרעלע] האָט געמורמלט אַ תפילה צום אייבערשטן, ער זאָל חלילה נישט אַריינפאַלן אין קיין עצבות, אין קיין כעס, אין קיין קטנות־המוחין.

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט")

**קטני־אמנה, קטני־אמונה** סוטה מח) *

קליינגלויביקע.

די אַלע וואָס פאָרשן נאָך... זענען מקטני־אמונה, פון די קליינגלויביקע. (ש. אַש: „דער תהילים־ייד")

**קיבוץ גלויות** (פסחים פח)

דאָס צונויפנעמען יידן פון די גלות־לענדער און זיי באַזעצן אין ארץ־ישראל.

אַ מדינה וואָס „שטייט נישט": דאגות און אויפטוען, שאַפערישע ווונדער און ווייטיקן אין מיטן דעם גערודער פון קיבוץ־גלויות.

(מ. גראָס־צימערמאַן: „דוד בן גוריון")

**קידוש השם** (ירושלמי, סנהדרין פרק כא) *

דאָס הייליקן דעם (ליבן) נאָמען. אָפּגעבן דאָס לעבן פאַר ייִדיש־קייט און פאַר יידן.

ער (שלום אַש) האָט געזוכט קידוש־השם און מענטשלעכע דער־הויבנקייט בכלל.

(ש. ניגער: „דערציילער און ראָמאַניסטן")

**קידוש־לבנה־אותיות** *

גאָר גרויסע אותיות (מיט וועלכע עס ווערט געדרוקט די תפילה פון קידוש־לבנה).

רעדלעך האָבן געלייענט אַ יידישע צייטונג, געדרוקט אויף איין זייט מיט קידוש־לבנה־אותיות.

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט")

## קיום האומה *

עקזיסטענץ פון פאָלק.

עס האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט אַ גרויסער סוד, דער סוד פון קיום האומה.

(מ. בורשטין)

## קימא לן

עס איז פעסטגעשטעלט; פאַר אונדז איז קלאָר. אַ גענויער חשבון.

מיר האָבן אַ קיימא־לן, אַז יידן זענען מענטשן מיט קעפּ.

(ממ"ס)

אַ קיימא־לן האָבן מיר, אַז ביים „אַלטן" אין בית־המדרש האָבן געדאַוונט אַ ד' מאות [פיר הונדערט].

(י. ל. פּרץ: „אַן אַפּקומעניש")

## קיקיון דיונה (לויט יונה ד, 10)

יונהס ריצנבוימל. בדרך־משל: אַ קליינע זאַך וואָס האָט בישט קיין קיום.

קליינע דערפינדונגען, קיקיון־דיונהס, וואָס פלעגן זיך האַלטן נאָר אַ קליינע צייט.

(ח. זשיטלאָווסקי)

## קל־וחמר (תוספתא ברכות פרק ז) *

פון גרינג צו שווער (לאָגישער אויספיר).

שוויגן איז גוט פאַר חכמים און אַ קל־וחומר פאַר טפשים.

(שפּריכוואָרט)

## קל שבקלים (ראש־השנה כה) *

דער סאַמע לייכטזיניקער.

אויף אַ קל־שבקלים קוקט מען נישט אַזוי.

(י. ל. פרץ: „אַן אַפּיקומעניש")

**קלות־ראש** (נדרים פרק ב)

לייכטזיניקייט, נישט ערנסטקייט.

ענציקלאָפּעדיע מיינט אויף אַפּקלייב... נישטאָ אין קיין ענציקלאָ־פּעדיע קיין חילול, קיין קלות־ראש.

(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען")

**קללות נמרצות** (לויט מלכים־א ב, 8) *

ביטערע (שטאַרקע) קללות.

ער האָט זיי ביידן געשאָלטן מיט קללות נמרצות. (ש"ע)

**קלסתר־פּנים** (בבא מציעא פז)

די פיזיאָנאָמיע, דאָס אויסזען.

איך נעם זיך נישט אונטער היינט אויסצומאָלן דעם קלסתר־פּנים פון דער מדינת ישראל שפּעטער מיט אַ דור, צוויי אָדער דריי דורות.

(ח. גרינבערג: „ייִד און וועלט")

**קמחא דפּסחא** (לויט ירושלמי, בבא בתרא פרק יב) *

מעל אויף פּסח. הילף אויף פּסח. (פאַר נויטבאַדערפטיקע).

דורך אַ פענצטערל האָט מען אויסגעטיילט קמחא־דפּסחא.

(י. ל. פרץ)

**קנאת־סופרים** *

קנאה צווישן שרייבער אָדער געלערנטע, שרייבער־פּאַרמעסט.

אין יעדער ליטעראַרישער סביבה איז דאָ קנאת סופרים. אָן דעם קאָן קיין ליטעראַטור נישט וואַקסן.

(מ. ראַוויטש: „דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן")

**קנאת־סופרים תרבה חכמה** (בבא בתרא כא)

קנאה ביי שרייבער (און געלערנטע) מערט חכמה.

פאַרשטייט זיך, אַז ווייל די קאָנקורענץ איז אומגעהייער גרויס און קנאת־סופרים תרבה חכמה, פלייסן זיך דעריבער בײדע גאַזעטן (צייטונ־גען) צו איבעריאָגן איינס דאָס אַנדערע, אַרויסגיין וואָס פריער פון דרוק.

(ש״ע: „כתרילעחקער פראָגרעס״)

## קנײן־הכלל

אייגנטום פון דער געזעלשאַפט.

דער אַרכיון באַמיט זיך צו ברענגען זיינע דערגרייכונגען צום ברייטן עולם, מאַכן זיי פאַרן קנײן־הכלל.

(י. זרובבל: „ארכיון עבודה״)

## קפיצת־הדרך *

וועגשפרונג. דאָס גיכע (איבערנאַטירלעכע) איבערטראָגן זיך אויף מיילן ווייט.

אַ שפּאַס, זאָגט ער, אַ וועלט! סאַמע מאַשינעס... זיי פירן איבער פון איין עק וועלט צו דער צווייטער, ריין קפיצת־הדרך.

(י. ל. פרץ: „וואָס אַ מאָל ווייניקער״)

## קפצה עליו זקנה (תענית ה)

ער איז זייער אַלט געוואָרן.

ער האָט זיך די לעצטע צייטן שטאַרק געעלטערט, קפצה עליו זקנה... ס׳איז אים ממש נישט צו דערקענען.

(ש. שטערן)

## קצתי בחיי (בראשית כז, 46)

ס׳איז מיר נמאס געוואָרן דאָס לעבן.

איצט, אַז הדסה קאָן אָפּטאָן אַזאַ זאַך, איז וואָס זשע לעבט ער אויף דער וועלט?... ס׳איז קצתי בחיי.

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט״)

## קרדום לחפור בו אבות ד, ה)

אַ גראָבאייזן צו גראָבן. אַ מיטל צו ציען חיונה (פרנסה).

זיי מאַכן פון דער תורה אַ קרדום לחפור בו, זיי מאַכן פון דער תורה אַן ענין פון פרנסה.

(י. האָפּער: „ר׳ זלמן״)

**קרוב לאמת** *

נאָענט צום אמת, גאַנץ וואַרשײַנלעך.

עס קאָן זיין, אַז דאָס איז ער, קרוב לאמת.

(י. ל. פרץ: „צווישן צוויי בערג״)

**קרוב למלכות** (גיטין יד) *

נאָענט צו די מלוכה־פאַקטאָרן.

קרוב־למלכותדיקע יידן... זענען אויך אין גאַליציע אַ געוויינלעכע זאַך.

(ש. ביקל: „דריי ברידער זענען מיר געווען״)

**קרח מכאן ומכאן** (בבא קמא ס)

גאָל פון דאַנען און פון דאָרטן. פאַרלוירן ביידע וועלטן.

פלעגט די יונגע אים אויסרייסן אַלע טאָג אַ גרויע האָר, און די אַלטע פלעגט אים אויסרייסן אַלע טאָג אַ שוואַרצע האָר... דער סוף איז געווען, אַז ער איז געבליבן קרח מכאן וקרח מכאן.

(ש״ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט״)

**קריעת ים־סוף** (פסחים קיח) *

דאָס שפּאַלטן דעם ים־סוף. זייער אַ שווערע זאַך.

איידער מען פאַרדינט אַ דרייער איז קריעת ים־סוף.

(י. ל. פרץ)

**קרקע־בתולה** (עבודה זרה לב) *

אַן אומבאַאַרבעט פעלד, אַ נישט־געאַקערטע ערד. אַן ענין וואָס קיינער האָט זיך מיט אים נאָך נישט מטפּל געווען.

דער דאָזיקער געביט איז נאָך ביי אונדז אַ קרקע־בתולה, אַן אומבאַאַרבעט פעלד.

(ש. ל. ציטראָן)

**קשה היא גלות כנגד כל הקללות שבתוכחה**

שווער איז דער גלות ווי אַלע קללות פון דער תוכחה.

קשה היא גלות כנגד כל הקללות שבתוכחה... פאַראַן גלותן ווי די נאַכט אַ שטאָק־פינצטערע, און גלותן מיט אַ לבנה־נאַכט.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט״)

**קשה כשאול קנאה** (שיר השירים ח, 6)

שווער (ביטער) ווי דער קבר איז די אייפערזוכט.

קשה כשאול קנאה — שווער ווי דער גיהנום איז די קנאה.

(ש״ע: „שיר השירים״)

**קשה־עורף** (שמות לב, 9) *

אַן איינגעשפּאַרטער, אַן עקשן.

ס׳האָט זיך אויפגעוועקט די אַלטע אויסגעהאַלטנקייט, דער אַלטער קשה־עורף.

(ש. אַש)

**קשוט עצמך ואחר־כך קשוט אחרים** (בבא מציעא קז)

פריער ציר דיך אַליין אויס, און דערנאָך — אַנדערע. פריער בעסער אויס דיינע פעלערן, אײדער דו גייסט לערנען אַנדערע.

מע דאַרף ווערן אַדורכגעדרונגען מיט גוטע מידות... כדי ראוי צו זיין, זיך צו באַנוצן מיט דער קרוין — צו לערנען אַנדערע, ווי אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט: קשוט עצמך, ואחר־כך קשוט אחרים.

(ממ״ס: „אַ בריוו וועגן דערציונג״)

**קשים מזונותיו של אדם כקריעת ים־סוף** (פסחים קיח)

שווער קומט אָן דעם מענטשן זיין פּרנסה ווי קריעת ים־סוף (ווי דאָס שפּאַלטן דעם ים־סוף).

פרנסה איז מלחמה... קשין מזונותיו של אדם כקריעת ים־סוף, זאָגט די גמרא, מען דאַרף שפּאַלטן ימען, מען דאַרף רייסן וועלטן פאַרן ביסל שפּייז.
(י. האָפּער: „ר' תנחום")

## קשר של קיימא

אייביקער קנופּ, אייביקער בונד.

אונדזערע הערצער זענען פאַרקניפּט מיט אַ קשר של קיימא שוין פון לאַנג, פון דער ערשטער באַגעגעניש.

(מ. סמבטיון: „דער לעצטער פּרוּת")

# ר

## ראות פניך לא פללתי (לויט בראשית מח, 11)

איך האָב נישט גערעכנט דיך צו זען.

ראות פניך לא פיללתי! האָסט אפילו נישט צו וויסן געטאָן, אַז דו קומסט.
(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט")

## ראיה לדבר (שבת פרק ח)

אַ באַווייז צו דער זאַך.

גראָד איז דאָס יידישע פאָלק אַ מין ראייה לדבר, אַז ס'איז פאַראַן אַ גורל, וואָרעם לויט אַלע כללים... קאָן מען נישט דערקלערן דעם יידישן קיום.

(א. א. ראָבאַק: „די אימפּעריע יידיש")

## ראש בית־דין *

פאָרזיצער פון רבנישן געריכט.

דער ראש בית־דין האָט שוין געוואָלט פּסקענען.

(י. קאָטיק)

## ראש המדברים (ברכות סג) *

הויפּטרעדנער. פאָרשטייער.

אומעטום ווו ביאַליק האָט זיך געוויזן איז ער געווען דער ראש־המדברים.

(דניאל לייבל: „ביאליק שבבעל־פּה")

**ראש הקהל** *

קהילה־פּרעזעס.

אונדזערע ראשי־הקהל, זאָלן לעבן, האָבן פאַרזאָרגט די נשרפים.

(ממ"ס)

**ראש וראשון** *

דער סאַמע ערשטער, דער חשובסטער מענטש.

דער פעטער הערץ איז דער ראש וראשון ביי אונדז אין שטעטל.

(ש"ע)

**ראשו ורובו** (סוכה פרק ב) *

ער אין גאַנצן, מיט זיין גאַנצן וועזן, מיט לייב און לעבן.

איך בין געווען אַריינגעטאָן ראשי ורובי אין דער יידישער געשיכטע.

(ח. זשיטלאָווסקי)

**ראשי־פרקים** (חגיגה יג) *

הויפּטפּונקטן, הויפּטטעזיסן.

נישט קאָנענדיק פאַרנעמען דאָ צו פיל אָרט, וועלן מיר זיך מוזן באַנוגענען מיט ראשי־פּרקים.

(ש. ניגער: „דערציילער און ראָמאַניסטן")

**ראשי־תיבות** (תנחומא, האזינו) *

איניציאַלן. פאַרקירצונג פון ווערטער דורך שרייבן בלויז זייערע ערשטע אותיות.

די ראשי־תיבות פון „פּען" באַשטייען, ווי מיר האָבן אויסגערעכנט, פון פּאָעטן, עסייִסטן און נאָוועליסטן.

(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען")

**ראשית חכמה** תהילים קיא, 10) *

„דאָס ערשטע פון חכמה‟, די ערשטע זאַך.

אַן אַגענט דאַרף ראשית חכמה גיין אָנגעטאָן פיין, אָבער טאָקע וואָס פיין הייסט.

(ש״ע : מנחם מענדל״)

**רבות מחשבות בלב איש** (משלי יט 21)

אַ סך מחשבות האָט דער מענטש.

גאָלדענע מחשבות קריכן אין קאָפּ אַריין... רבות מחשבות בלב איש.

(ש״ע : „טביה דער מילכיקער״)

**רבי לא שנה — ר׳ חייא מניין לו?**

**[אם רבי לא למד, איך ידע תלמידו חייא?]** (לויט עירובין צב)

אַז רבי האָט עס נישט געלערנט, טאָ פון וואַנען זאָל זיין תלמיד חייא וויסן?

און דערפאַר ווערט יידיש אַלץ מער פאַרזשאַרגאָנעוועט, וואָרעם רבי לא שנה, חיא מנין לו? אַז דער סאַמע וועגווייזער האָט נישט געלערנט, טאָ פון וואַנען זאָל דער תלמיד וויסן?

(א. א. ראָבאַק : „די אימפּעריע יידיש״)

**רבנן־קדיש** *

קדיש וואָס מען זאָגט נאָכן לערנען תלמוד און נאָך אַ דרשה.

מעג מען שוין נאָך אונדזער געלט זאָגן רבנן־קדיש.

(י. קאָטיק)

**רגע כמימרא** (ברכות ז) *

אַ רגע ווי מען רעדט אַרויס. אַ קליינע ווײַלע.

געדויערט האָט עס אַ רגע כמימרא, אַ סך ווינציקער ווי איך דערצייל אייך.

(ש״ע : „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט״)

**רואה את הנולד** (תמיד לב)

ער זעט דאָס וואָס וועט געבוירן ווערן. ער זעט פאָרויס דעם רעזולטאַט.

ווי דער פרק לערנט אונדז, איז דער חכם נאָר אַזאַ מענטש, וואָס זעט דאָס וואָס וועט געבוירן ווערן — הרואה את הנולד.

(א. א. ראָבאַק: „דער פאָלקסגייסט אין יידיש")

**רואה ואינו נראה** *

ער זעט אַנדערע און אים זעט קיינער נישט.

א רואה ואינו נראה געווען, האָט געשליכט זיך ווי אַ שאָטן.

(ש. אַש)

**רוב גדלו ורוב עשרו** *

זיין גרויסע חשיבות און עשירות.

דערציילן אייך רוב גדלו ורוב עשרו — זיין דירה מיט זיין זיצעכץ, איז נישט שייך צו זאָגן.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**רוב מנין ורוב בנין** אהלות ב) *

דער גרעסטער און וואָגיקסטער טייל, די גרעסטע מערהייט.

דער רוב מנין און רוב בנין פון דער באַפעלקערונג דאָרט באַשטייט פון יידן.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

**רודף אחר הכבוד** (לויט תנחומא ויקרא)

יאָגט זיך נאָך כבוד.

נח יאָגט זיך נישט, ער זאָל פאַרנעמען דעם אויבנאָן... ער האָט דאָס פיינט, ער איז נישט קיין רודף אחר הכבוד.

(ש"ע: „כתרילעווקער פראָגרעס")

**רודף שלום** (אבות א, יב) *

יאָגט זיך נאָך שלום. פאַרמיטלט און גלייכט אויס.

ווערן אַ רודף־שלומניק זאָלט איך זיך קיין מאָל נישט פּרוּוון.
(ש״ע)

**רווח והצלה יעמוד ליהודים...** (מגילת אסתר ד, 14)

אַ פאַרלייכטערונג און אַ רעטונג וועט קומען פאַר יידן...

רווח והצלה יעמוד ליהודים... אַ ייד, כל־זמן עס שלאָגט זיך נאָך אַן אָדער, טאָר ער נישט פאַרלירן דעם ביטחון.

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער״)

**רוח־הקודש** (תהילים נא, 13) *

הייליקער שאַפונגסגייסט. גייסטיקע דערהויבונג, מוזע.

ווי לאַנג קאָן מען לעבן פון דעם רוח־הקודש פון יידישקייט, וואָס איז אויפגעגאַנגען?

(מ. גראָס־צימערמאַן: „אינטימער חידראַנאַנד״)

**רוח חיים** (בראשית ו, 17)

לעבנסגייסט, נשמה.

ער פלעגט אין יעדער ראָל אַריינברענגען אַ רוח־חיים, האַרץ, געפיל.

(צ. קאַצענעלסאָן)

**רוח נבואה** *

נבואישער גייסט, נבואישע וויזיע.

וויפל עס איז אין זיי געווען רוח־נבואה און וויפל רעדן פון היץ — איז אַן אַנדער פראַגע.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט״)

**רוח־שטות** (סוטה ג) *

נאַרישער געדאַנק, משוגעת.

דעמאָלט איז אים באַפאַלן עפּעס אַ רוח־שטות, אַ נאַרישער געדאַנק, אַז ער וועט זיך אַדורכשטופּן.

(י. האָפער: „ר׳ תנחום״)

**רזין־דרזין**

סודי־סודות, די פאַרבאָרגנסטע סודות.

[דער בעל־שם־טוב] איז פאַרבליבן פאַר אונדז אַ רעטעניש אָן אַ באַשייד, אַ פאַרהוילענער סוד, אַ מין רזין־דרזין.

(א. שטיינמאַן: „דער נס בעל־שם־טוב“)

**רחל מבכה על בניה** (ירמיה לא, 14)

די מאַמע רחל וויינט אויף אירע קינדער.

רחל מבכה על בניה... וויין נישט, מאַמע רחל, איך בין געקומען דיך טרייסטן.

(י. י. טרונק: „משיח־געוויטער“)

**רחמנא ליבא בעי** (סנהדרין קו)

גאָט וויל דאָס האַרץ (די גוטע כוונה).

זיי ווען טאָן בלויז דאָס גוטע, רחמנא ליבא בעי, גאָט פאָדערט בלויז האַרץ.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט“)

**רחמנא לצלן** (שבת פד) *

זאָל גאָט אָפּהיטן. אָנגענומענער שפרוך ווען מען רעדט וועגן אַ שלעכטער זאַך.

איז דאָס מוחל (דאָס קעפּל) אַ שוואַכס, ווערט מען משוגע, רחמנא ליצלן.

(י. גלאַטשטיין: „נחמן זייגערמאַכער“)

**רחמנות־פּנים**

אַ נעבעכדיק אויסזען, אַ טרויעריקע מינע.

געמאַכט רחמנות־פּנים, געלאָזט טרערן.

(י. אָפּאַטאָשו: „אין פוילישע וועלדער“)

**רחמנים בני רחמנים** (יבמות עט)

באַרעמהאַרציקע, זין פון באַרעמהאַרציקע. בדרך־משל: יידן.

גאָט איז אַ טאַטע, און די ישראל זענען רחמנים בני רחמנים.

(ממ״ס: „מסעות בנימין השלישי״)

**ריב־לשונות** (תהילים לא, 21) *

שפּראַכנקאַמף (באַצייכענונג פֿאַר די שאַרפֿע ויכוחים צווישן יידי־שיסטן און העברעיסטן).

מען האָט געמאַכט אַ סוף צו די שפּראַכן־אַמפּערייען, צום ריב־לשונות.

(י. קאַטיק)

**ריבון כל העולמים** ברכות ס

האַר פֿון אַלע וועלטן.

דו, ריבון כל העולמים, האָסט רוזיען געגעבן אַזאַ פּנים, ווי דו האָסט געגעבן, און איך וועל דיר אָפּטאָן, גאָט, זי וועט האָבן אַ חתן, שיין ווי אַ פּרינץ.

(מ. ראַװיטש: „דאָס מעשה־בוך פֿון מײַן לעבן״)

**ריבונו דעלמא כולא**

האַר פֿון דער גאַנצער וועלט!

ריבונו דעלמא כולא, איז דיר אונדזער מאַטערניש נייטיק?

(ח. גראַדע: „דער טאַנץ פֿון גאולה״)

**ריבונו של עולם** (ברכות ט) *

האַר פֿון דער וועלט.

פֿאַרזאָרג דיר דײַנע אייגענע געשעפֿטן, דער ריבונו של עולם וועט שוין פֿאַרזאָרגן זײַן פֿאָלק ישראל.

(י. גלאַטשטיין: „נחמן זייגערמאַכער״)

**ריח ניחוח** (בראשית ח, 21) *

שמעקנדיקער ריח, אַ גוטער גערוך.

אוי באַרן, בעראַמעטן! קיילעכיקע, פּעטע הענגען אַראָפּ און שיקן אַרויס פֿון זיך אַ ריח ניחוח. (ש״ע)

**ריח תורה** *

א ריח פון תורה־לערנען.

דער ניגון ווערט שוין ווייטער אן אנדערער! ער האט שוין א ריח תורה.

(י. ל. פרץ: „א גילגול פון א ניגון")

**ריסוק־איברים** (ירושלמי, סנהדרין פרק כג) *

האלדז און באקן ברעכן, העגט און פיס ברעכן.

פון אזא פליען קאן מען גיך באקומען ריסוק־איברים, מען קאן ברעכן האלדז און באקן. (י. האפער: „ר' תנחום")

**ריקים ופוחזים** (לויט שופטים ט, 4)

לייכטזיניקע און פארדארבענע מענטשן.

עס האבן זיך באוויזן ביי אונדז... יונגע לייט ריקים ופוחזים, פארדארבענע מענטשלעך וואס טרעטן ארויס מיט פאלשע מסירות.

(ש"ע: „אפגעשלאגענע הושענות")

**רך־לב** (לויט דברים כ, 8) *

ווייכהארציקער, סענטימענטאלער.

ר' יהודה הערש איז א רך־לב, ער קאן קיין בלוט נישט זען.

(ב. האגער: „מלכות חסידות")

**רמ"ח איברים** (אהלות א) *

צוויי הונדערט אכט און פערציק (ר=200, מ=40, ח=8) גלידער פון גוף.

זאלסט אריינברענגען זיך מיט דיינע רמ"ח איברים אינעם ווארט.

(ה. צייטלין: „חסידות")

**רפואה בדוקה** *

אויסגעפרואווטע רפואה.

אויף דעם זענען טרוקענע באנקעס א רפואה בדוקה.

(י. ל. פרץ)

**רפואה שלמה!** *

א פולשטענדיקע רפואה. אַנגענומענער ווונטש פאַר אַ קראַנקן.
שווער, אַט איז די מעדיצין, צו אַ רפואה שלימה!

(י. באַשעוויס: „די פאַמיליע מושקאַט")

**רצה הקדוש־ברוך־הוא לזכות את ישראל...** (אבות ו, סוף)

גאָט האָט געוואָלט מזכה זײַן די ייִדן...
רצה הקב"ה לזכות — גאָט האָט געוואָלט אַ טובה טאָן טביהן, גייט ער און בענטשט אים מיט זיבן קינדער נקבות.

(ש"ע: „טביה דער מילכיקער")

**רצונו של אדם הוא כבודו** (ירושלמי, פאה)

מען דאַרף רעספּעקטירן דעם מענטשנס רצון.
אויב דאָס איז אײַער רצון, וועל איך זיך מיט אײַך נישט שפּאַרן... רצונו של אדם הוא כבודו.

(מ. בורשטין)

**רשות היחיד** (בבא קמא פרק ג)

פּריוואַט־פּאַרמעגן, אייגנטום פון אַ יחיד.
די לידער זענען גלײַך אַרויס פון רשות־היחיד פונעם דיכטער און זענען געוואָרן דער קנין פון פאָלק.

(נ. מײַזיל: „חיים נחמן ביאַליק")

**רשות הרבים** (בבא קמא פרק ג) *

שטאָטישער באַזיץ, אייגנטום פון כלל.
איזן איז עס ר' יחזקאל גאָמבינערס שטוב, נאָר דאָך אַ שטאָט־שטוב, אַ רשות־הרבים.

(ש. אַש)

**רשע גמור, רשעים גמורים** *

אַ גרויסער רשע, גרויסע רשעים.

זיי זענען געווען רשעים גמורים, זיי האָבן געראַבעוועט און געגזלט.

(י. ב. לעווינזאָן)

**רשע מרושע** *

אַ גרויסער בייזוויליקער רשע.

אַ רשע מרושע!... אַן איינגעגעסענע בריאה, אַ ייד אַ צו להכעיסניק... טוט וואָס ער וויל.

(ש"ע: „מען איז זיך מוחל")

**רשעים בחייהם קרויים מתים** (ברכות יח)

רשעים זענען שוין ביים לעבן ווי געשטאָרבן (פאַר דער געזעל־שאַפט).

רשעים בחייהם קרויים מתים... ער (דער רשע) איז גייסטיק אַזוי טויט, אַז ער פילט נישט די מיסטעריע פון זונאויפגאַנג און פון זון־אונטערגאַנג.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט")

## ש

**שאול תחתיה** (תהילים פו, 13) *

קבר, גיהנום.

זי פילט, אַז זי פאַלט אין שאול תחתיה אַריין אַלע טאָג וואָס נידעריקער און נידעריקער. (ש"ע: „כל־נדרי")

**שאין מכירים אותו** *

וואָס מען קען אים נישט.

ער זאָל זיך אַריבערציען אין אַן אַנדער שטאָט, שאין מכירין...

(י. אָפּאַטאָשו)

**שאינו יודע לשאול** (הגדה פון פסח) *

דער וואָס ווייסט נישט וואָס צו פרעגן.

די אַסימילאַציע אין אַמעריקע האָט אונדז געגעבן מיליאָנען שאינו־יודע־לשאולדיקע אַסימילאַטאָרן.

(א. מוקדוני: „יידישע קולטור אין אַמעריקע")

**שאל, בני, שאל!** (שבת יא)

פרעג, מײַן זון, פרעג!

וואָס דו פאַרשטייסט נישט, פרעג מיך! שעם זיך נישט... שאל, בני, שאל!

(א. מ. דיק)

**שאלות ותשובות**

פראַגעס און ענטפערס.

ער (דובנאָוו) האָט אויך צונויפגעשטעלט פאַר מיר אַ רשימה פון שאלות ותשובות, וועלכע ער האָט מיר געראָטן צו נאָכזוכן.

(ז. שזר: „ליכטיקע פערזענלעכקייטן")

**שאר ירקות** (הגדה פון פסח) *

פאַרשידענע גרינס. באַצייכענונג פאַר פאַרשידענע קלייניקייטן.

פיר גראַמאַטיקעס באַדאַרף מען אויסלערנען, היינט ווו איז געאָ־גראַפיע? ווו איז היסטאָריע? און ווו איז שאר ירקות?

(ש"ע: „אַ וויגרישנע בילעט")

**שארית־הפליטה** (דברי הימים־א ד, 43) *

אָפּגעראַטעוועטע רעשט נאָכן חורבן.

וואָלטן דען די סאַטראַפּן, די הערשער... פון די היינטיקע פעלקער נישט געווען באַדאַרפט באַוווּנדערן די שארית־הפליטה פון יידישן פאָלק, וואָס איז אַרויס גאַנץ פון די קאַלכאַויוונס פון דער געשיכטע?

(י. ראַפּאָפּאָרט: „פון די תנ"ך־אימפּראָוויזאַציעס")

**שארית ישראל** (דברי הימים־ב לד, 9)

דאָס רעשט פון יידישן פאָלק.

עס וועט תמיד בלייבן אַ שארית ישראל — רעשטלעך וואָס האַלטן אין זייער דורותדיקע מאַסיווקייט.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

**שבועה דאוריתא** *

אַ האַרבע שבועה (לויט דער תורה).

האָט ער געקאָנט גיין שווערן אַ שבועה דאורייתא, אַז ער האָט נישט נהנה געווען קיין פרעמדע פרוטה.

(ש"ע: „דער ייִנגסטער פון די מלכים")

**שבור חבית ושמור את יינה!** (בבא בתרא טז)

צעברעך די פאַס און היט אָפּ דעם ווייַן אין איר! (אַן אוממעגלעכע זאַך).

אַזאַ ייִדישקייט איז נישט מער ווי די גמרא רופט עס אָן: שבור חבית ושמור את יינה.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

**שבע חכמות** *

זיבן הויפּט־חכמות. הויפּט־וויסנשאַפטן.

ער ווייסט וואָס איז אַזוינס אַ ייִדישער חקירה־ספר, פון וואַנען די דאָזיקע לייט האָבן געשעפּט זייער תורה, זייער ידיעה אין די שבע חכמות.

(ממ"ס: „מסעות בנימין השלישי")

**שבע יפול צדיק וקם** (משלי כד, 16)

זיבן מאָל וועט פאַלן דער צדיק און וועט ווידער אויפשטיין.

כי שבע יפול צדיק וקם — ער מוז זיך אויפהייבן.

(י. האָפּער: „ר' תנחום")

**שבעה דברים בגולם** (אבות ה, ז)

זיבן זאַכן כאַראַקטעריזירן דעם גולם (איין זאַך: וואָס ער פאַלט אַריין יענעם אין מיטן די רייד).

נישט אומזיסט האָבן אונדזערע חכמים געזאָגט: שבעה דברים בגולם... מען רעדט תוך־זאַכן, איז זי דאָ מיט איר מילכיקן באָרשטש.

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער״)

**שבעה טובי העיר** (מגילה כז) *

זיבן חשובסטע בעלי־בתים פון שטאָט.

עס קומען אַריין די שבעה טובי העיר, דער רעכטער שפּיגל, דער סאַמע צימעס פון שטאָט.

(ש״ע: „אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט״)

**שבעה ימים**

זיבן ימען.

די גרעסטע מערהייט פון יידישן פאָלק איז נאָך צעשפּרייט איבער שבעה ימים.

(י. זרובבל: „ישראל און גלות״)

**שבעה מדורי גיהינום** (סוטה י)

זיבן אָפּטײלונגען פון גיהינום. גרויסעליידן און יסורים.

ער האָט דאָרט דורכגעמאַכט די שבעה מדורי גיהינום פון וואָגלעניש אין הונגער און אין נויט.

(ש. ביקל: „שרייבער פון מיין דור״)

**שבעים לשון, שבעים לשונות** (לויט שבת פח)

זיבעציק שפּראַכן. בדרך־משל: אַלע שפּראַכן אין דער וועלט.

לויט אַן אַנדער לעגענדע איז די תורה גלייכצייטיק פאָרגעטראָגן געוואָרן אויף אַלע שבעים לשון, כדי אַלע זיבעציק פעלקער פון דער וועלט זאָלן זי הערן, יעדער [מענטש] אויף זיין שפּראַך.

(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט״)

**שבעת ימי המשתה** *

זיבן פייערלעכע טעג נאָך דער חתונה.

צו די מאַלצייטן פון שבעת ימי המשתה האָט קיינער נישט געטאָרט פעלן.

(י. קאַטיק)

**שברי־כלי** (כלים פרק יא) *

אַ צעבראָכענע כלי. אַ צעבראָכענער מענטש.

וואָס בין איך היינט און ווער בין איך?... אַ שברי־כלי, אַ צעבראָ־כענער שאַרבן!

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער״)

**שבשתא כיון דעל־על** (בבא בתרא כא)

אַ גרייז, וואָס איז געמאַכט געוואָרן, האַלט זיך לאַנג.

אַ טעות איז שווער אויסצוּוואָרצלען... שבשתא כיון דעל על.

(מ. בורשטין)

**שבת־אחים** (תהילים קלג, 1) *

דאָס זיצן צוזאַמען ווי ברידער, באַגעגעניש פון פריינד.

זיצט מען אַזוי שבת־אחים, מען שמועסט און מען שמועסט.

(נ. מייזיל)

**שה״י־פה״י** (מגילה ג) *

ראשי־תיבות פון: „שבת היום״, „פסח היום״ („היינט איז שבת״, „היינט איז פסח״). אָפּפּטרן מיט אַ פוילן תירוץ, אָפּקומען מיט אַ קליי־ניקייט. דער שיינער אויסדרוק איז געשאַפן געוואָרן אויפן יסוד פון דער לעגענדע, ווי המן האָט פאַרמסרט די יידן, אַז זיי דרייען זיך אַרויס פון אַרבעטן פאַרן מלך מיט פוילע תירוצים: „היינט איז שבת״, „היינט איז פסח״.

דוד קאַרנאָווסקי האָט געזען, אַז ער וועט דעם קליינעם נישט אָפּפּטרן מיט שה״י־פה״י, און ער האָט גערעדט מיט אים מעשה מענטש.

(י. י. זינגער: „די משפחה קאַרנאָווסקי״)

**שווא ושקר**

אַ גרויסער ליגן.

אַלצדינג... איז שווא ושקר, נישט געשטויגן, נישט געפלויגן.
(ש״ע: „אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט״)

**שואל עצה** זיין *

זיך האַלטן אָן עצה.

ווילסטו זיך שואל עצה זיין, טאָ הער מיך אויס.

(י. אַפּאַטאָשו: „אין פּוילישע וועלדער״)

זיין**שווה־בשווה** (נדרים לא) *

זיך פאַרגלייכן מיט עמעצן, לעבן בשלום.

איז ער נישט שווה בשווה מיט זיינע חסידים און מקורבים.

(ש. ניגער: „דערציילער און ראָמאַניסטן״)

**שווה כסף** (בבא קמא פרק א) *

אַ ווערטזאַך.

קיין געלט און שווה־כסף איז נישט געווען.

(ש. מילער: „דור המדבר״)

**שוטה אינו מרגיש** (מבחר הפנינים פרק יח)

אַ נאַר פילט נישט.

ערשטנס איז אַ דבר ידוע, אַז וואַנצן בייסן נישט קיין אייגענע, חוץ מזה קאָן זיין, אַז אייער זון איז אַ שוטה, און... שוטה אינו מרגיש.

(י. האָפער: „אַ הויף אויף מוראַנאָוו״)

**שוכן עפר** (ישעיה כו, 19) *

דער וואָס רוט אין קבר, אַ טויטער.

אַ ניגון לעבט און אַ ניגון שטאַרבט, און מען פאַרגעסט אַ ניגון ווי מען פאַרגעסט אַ שוכן־עפר. (י. ל. פרץ: „אַ גילגול פון אַ ניגון״)

**שולחן ערוך** *

געגרייטער טיש. קאָדעקס, זאַמלונג פון דינים (צונויפגעשטעלט פון ר׳ יוסף קאַראָ).

וואָלט מען אַ מאָל זיך באַדאַרפט צוזאַמענרעדן מכוח אַ קאָדעקס פון אויפפירונג, אַ מין שולחן־ערוך אָדער עטיקעט פאַר אַ קריטיקער.
(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען")

**שומו שמים!** (ירמיה ב, 12)
שטוינט, הימלען!
אָבער שומו שמים! פּיער אַבעלאַר, דער גרעסטער פרייגייסט פון זיין צייט... באַקומט [אין דער ענציקלאָפּעדיע] אַקוראַט צען שורות!
(א. א. ראָבאַק: „דער פאָלקסגייסט אין יידיש")

**שומר ומציל** זיין *
אָפּהיטן און באַשירעמען.
אַזוי ברעכט אויס אָפּט מאָל אַ מלחמה צווישן די שרייערס, זאָל גאָט שומר ומציל זיין — עס גיסן זיך טייכן טינט!
(ש"ע: „די רויטע יידלעך")

**שומר, מה מליל?** (ישעיה כא, 11)
וועכטער, ווי אַזוי גייט דורך די נאַכט? ווי האַלט עס מיטן שונא?
— שומר מה מליל? האָט דאָס געטאָ אומרויִק געפרעגט און בישט געקראָגן קיין ענטפער, געלעגן פאַרטאַיעט, געוואַרט — אָט וועט אַ שפרונג טאָן די חיה־רעה.
(ש. מילער: „צו דער עקידה")

**שומר פתאים ה'** (תהילים קטז, 6)
גאָט היט אָפּ די נאַראָנים.
שומר פתאים ה'! אַ מענטש דאַרף האָבן ביטחון!
(י. ל. פרץ: „ער ז"ל און זיינע מקורבים")

**שומרי החומות**
מויערן־היטער, היטער פון אַלטן לעבנס־שטייגער.
דווקא איצט, ווען אין די חסידישע הייזער האָט דער אַלטער,

פרומער לעבנס-שטייגער געקראַכט... האָט ר׳ תנחום געוואָלט זיין פון די שומרי החומות, פון די וואָס היטן די אַלטע מויערן.

(י. האָפער : „ר׳ תנחום״)

**שונא בצע** (לויט שמות יח, 21)

האָט פיינט שוחד, האָט פיינט געלט-מתנות.

אַ שונא בצע איז ער געווען אַן אויסטערלישער... מען וויל ר׳ זישעלען אָפּגילטן, ער וויל נישט הערן און גערעדענקען.

(י. ל. פרץ : „וואָס אַ מאָל ווייניקער״)

**שונא ישראל** (סוכה כט) *

יידנפיינט, אַנטיסעמיט.

לחיים! יידן זאָלן געהאָלפן ווערן, און שונאי־ישראל זאָלן האָבן אַ מפּלה.

(י. י. זינגער : „די משפחה קאַרנאָווסקי״)

**שונא מתנות יחיה** (משלי טו, 27)

דער וואָס האָט פיינט מתנות, וועט לעבן.

„ושנא מתנות יחיה״, האָט ער געזאָגט, ווער עס וויל לעבן, נעמט קיין מתנות נישט.

(י. ל. פרץ : „דריי קיכלעך״)

**שונאי ציון** *

ציון-פיינט, פיינט פון יידישן פאָלק.

כאָטש נעם לייג זיך, שונאי ציון, און שטאַרב.

(ש״ע : „טביה דער מילכיקער״)

**שועלים קטנים מחבלים כרמים** (שיר השירים ב, 15)

קליינע פוקסעלעך שעדיקן די ווייַנשטאָקן.

רשעים, רבי קאַרנאָווסקי, — זאָגט ער וועגן די קליינע משחיתים וואָס מאַכן אים אַ תל פון זיינע אַנטיקן — וועגן זיי האָט שלמה המלך געזאָגט : שועלים קטנים מחבלים כרמים.

(י. י. זינגער : „די משפחה קאַרנאָווסקי״)

**שופר של משיח ***

דער שופר פון משיחן, דער שופר־בלאָז וואָס וועט אָנזאָגן די גאולה.

שטיל איז אויפן בית־הקברות... נאָר פּרווו גיב תחית־המתים, מוזסטו פריער בלאָזן אויפן שופר של משיח.

(י. ל. פּרץ: „וואָס זאָל איך וועלן?״)

**שור הבר** (לויט בבא בתרא עה)

אויעראָקס, לעגענדאַרער אָקס וואָס איז צוגעגרייט פאַר די צדיקים צום עסן אין גן־עדן.

אַ משכיל וואָס גלייבט נישט, נישט אין שור־הבר, נישט אין לוויתן, גלייבט אין עטער!

(י. ל. פּרץ: „פון יוחנן מלמדס מעשהלעך״)

**שורש דבר** (איוב יט, 28)

דער שורש פון דער זאַך, דער מקור.

לויט דער לערע איז פּריוואַט־אייגנטום דער שורש־דבר פון אַלע צרות.

(אבא גאָרדין: „די יסודות פון דער געזעלשאַפט״)

**שותף ליסטים כליסטים** (ירושלמי, סנהדרין פרק א)

דער שותף פון גזלן איז אַזוי ווי דער גזלן אַליין.

ווען ער האָט זיך „מתחתן״ געווען מיט היטלערן האָב איך געזאָגט, אַז שותף ליסטים כליסטים!

(מ. סמבטיון: „די אויסגעבענקטע היים״)

**שטן מקטרג** (ירושלמי, שבת פרק ה) *

דער שלעכטער שטן (וואָס באַשולדיקט).

טביה איז נישט קיין יידענע, טביה ווייסט ווי אַזוי מען איז זיך נוהג מיטן שטן מקטרג.

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער״)

**ש״י עולמות** *

דריי הונדערט און צען וועלטן (ש=300, י=10).
אין אַלע ש״י עולמות באַוווּנדערט מען אייער קלוגשאַפט.
(י. י. טרונק: „משיח־געוויטער״)

**שיבה טובה**

אַ טיפּע עלטער.
אוודאי צו שבעים... לערנט זיך אַן ערלעכער פּאָעט די חכמה פון שיבה טובה: צייט צו דער פרייד פון צייטיקייט.
(מ. גראָס־צימערמאַן: „אינטימער ווידעראַנאַנד״)

**שיבת־ציון** (תהילים קכו, 1)

צוריקקער קיין ציון.
אַ מעגלעכקייט פון פאַרווירקלעכן אַן אַלטע, ווייטע, אָבער דאָך נישט אויסגעלאָשענע בענקשאַפט פון שיבת־ציון.
(ח. גרינבערג: „ייד און וועלט״)

**שיחת־חולין** (עבודה זרה יט) *

וואָכעדיקע רייד, שמועס וועגן טאָג־טעגלעכע ענינים.
ר׳ מיכלס שיחת־חולין — נישטאָ נאָך אַזאַ תורה־שמועס.
(ז. שזר: „ליכטיקע פּערזענלעכקייטן״)

**שיעור־קומה**

וווּקס, גרויסקייט, חשיבות.
זיין שיעור־קומה קומט דאָרטן אַרויס ביי אייך נישט זייער הויך, איר האָט אים נישט ריכטיק אָפּגעשאַצט. (ח. גרינבערג: „ייד און וועלט״)

**שיקול־הדעת**

איבערלייגונג, באַקלערונג, באַטראַכטונג.
דער „אייזערנער קאָפּ״ האָט זיך איינגעהערט... צו זייערע רייד, און האָט ערשט נאָך אַ לאַנגן שיקול־הדעת אַרויסגעזאָגט דעם פּסק.
(ב. האַגער: „מלכות חסידות״)

**שיר־המעלות** (תהילים קכ — קלד) *

טרעפן־שיר. נאָמען פון פופצן מזמורים אין תהילים, וואָס די לוויים האָבן געזונגען אויף די טרעפ פון בית־המקדש. בדרך־משל: אַן אומווערטיקער דאָקומענט אָדער אַ מסירה־שריפט.

עס איז נישט קיין שיפסקאַרטע, עס איז נאָר אַ שיר־המעלות.

(ש״ע)

נישט פויל אויף דער פען אָנצושרייבן אַ שיר־המעלות (אַ מסירה), צולייגן אַ קנייטל, כדי צעשטערן דערמיט אַ געביידע.

(ממ״ס: „די אַלטע מעשה״)

**שיר השירים** *

געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען. נאָמען פון איינער פון די פינף מגילות אין תנ״ך.

וועמען לויבן? וועמען זינגען שיר השירים? (אליעזר שטיינבאַרג)

**שירות ותשבחות** (ברכות ג)

לויבגעזאַנגען.

אויב דו וואָלסט זוכה געווען צו הערן דעם קול פון די שירות ותשבחות פון די גראָזן... וואָלסטו באַגריפן די קאָסמישע שיינקייט.

(ה. צייטלין: „ר׳ נחמן בראַצלאַווער״)

**שכיב־מרע** (בבא בתרא ט) *

טויטקראַנקער, מסוכנדיקער חולה.

וואָרנט אייך יוחנן מלמד: היט אייך פאַר אַ קללה, בפרט פון אַ שכיב־מרע. (י. ל. פרץ: „די קללה״)

**שכל הישר** *

געזונטער (קלאָרער) שכל.

מען איז דאָך עפּעס אַ מענטש אַ בר־דעת מיט אַ שכל־הישר, טוט מען אַ טראַכט אַהין און אַהער.

(ש״ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט״)

**שכולו טוב**

**וואָס איז אין גאַנצן גוט.**

**דער אָרעמער מלמד ווערט פֿריי פֿון אַלע דאגות ווען ער עפֿנט די גמרא... ער גייט אַריבער אין אַן אַנדער וועלט, אין אַ וועלט שכולו טוב.**

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פֿון אייביקן פֿאָלק")

**שכר־בטלה** (קידושין טז)

שכר פֿאַר נישט טאָן קיין אַנדער אַרבעט.

זיי (די רבנים) קריגן שכר־בטלה, קריגן לוין נישט פֿאַר וואָס זיי לערנען, נאָר דערפֿאַר וואָס זיי טוען נישט קיין אַנדער זאַך.

(אבא גאָרדין: „מאָראַל אין יידישן לעבן")

**שכר־הליכה** *

שכר פֿאַרן וועג.

זיי האָבן געהאַט שכר־הליכה, מען האָט זיי אָנגעשטאָפּט די קעשענעס מיט ניס.

(מ. י. בערדיטשעווסקי)

**שכר ועונש**

באַלוינונג (פֿאַר גוטע מעשים) און שטראָף (פֿאַר שלעכטע מעשים).

דער גלויבן אין שכר ועונש האָט דאָך געשפּילט אַזאַ גוואַלדיק גרויסע ראָל אין קיום פֿון יידישן פֿאָלק.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פֿון אייביקן פֿאָלק")

**שכר לימוד** *

לערנגעלט, שולגעלט.

זי האָט נאָר פֿון גאָלד אויף שכר־לימוד גענומען. דאָס איז גאָטס תורה, מעג מען פֿאַר זיין תורה מיט זיין גאָלד צאָלן.

(י. ל. פּרץ: „זיבן גוטע יאָר")

**של נעליך מעל רגליך** (שמות ג, 5)

טו אויס די שיך פֿון דיינע פֿיס (דאָס אָרט איז הייליק).

של נעליך מעל רגליך... אין יעדן אָרט וואָס דו שטייסט, אין יעדער מדרגה וואָס דו געפינסט זיך, איז דאָ קדושה.

(ה. צייטלין : „חסידות")

**שלא ידעו אבותינו**

וואָס אונדזערע עלטערן האָבן נישט געוווּסט (נישט געקענט).

עס זאָל פּאַר אונדז (אָדער אין אונדז) אויפפלאַמען אַ שפּאָגל נייע אגדה, שלא ידעו אבותינו.

(ה. גרינבערג : „ייד און וועלט")

**שלא כדרך הטבע** *

נישט נאַטירלעך.

עפּעס משונה ווילד, גאָר שלא כדרך הטבע. (ממ"ס)

**שלא לבייש** (לויט סוכה נג) *

כדי נישט צו פאַרשעמען.

אויך שלא לבייש, נאָר גאָר אויף אַן אַנדער נוסח.

(י. ל. פרץ : „וואָס אַ מאָל חייניקער")

**שלא על מנת לקבל פרס** (אבות א, ג)

נישט כדי צו באַקומען באַלוינונג.

פון איצט אָן וועל איך דינען גאָט פון ריינעם האַרצן, שלא על מנת לקבל פּרס.

(ש. א. האָראָדעצקי : „חסידיזם")

**שלוחי מצווה אינם נזוקין** (פסחים ח)

שליחים צו טאָן אַ דבר־מצווה ווערן אויפן וועג נישט געניזוקט.

ניין !... שלוחי מצווה אינם ניזוקין, איך הער זיי ווי די קאַץ.

(י. ל. פרץ : „שמעיה דער גיבור")

**שלום־בית** (שבת סג) *

פרידלעך משפחה־לעבן.

אַז אַ ייִד האָט נישט חלילה קיין שלום־בית, האָט די שכינה דערפֿון גרויס צער.

(י. האָפּער: „ר׳ תנחום״)

**שלום ושלווה ·**

פֿרידן און רו, שטיל און רויִק.

פֿון דעמאָלט אָן איז ביי די רויטע ייִדלעך שלום ושלווה, שאַ־שטיל.

(ש״ע: „די רויטע ייִדלעך״)

**שלום־זכר ·**

פֿייערונג אין ערשטן פֿרייטיק־צונאַכטס נאָכן געבוירן פֿון אַ ייִנגל.

ביים שלום־זכר... האָט זיך תנחומס שווער אויפֿגעפֿירט, ווי ער וואָלט דאָס געווען דער גאַנצער בעל־שמחה.

(י. האָפּער: „ר׳ תנחום״)

**שלח לחמך על פני המים** (קוהלת יא, 1)

לאָז דיין ברויט אויפֿן וואַסער. טו טובֿות מענטשן אָן חשבון ווענגן באַלדיקן נוצן פֿאַר דיר.

שלח לחמך על פני המים, מיינט מען: צעטייל דיין ברויט צווישן

(שלום אַש: „דער תהילים־ייִד״)

**שלי־שלי, ושלך־שלך** (אבות ה, י)

מיינס איז מיינס, און דיינס איז דיינס.

דער ייִדישער שרייבער בכלל האַלט אפֿנים נישט פֿון שלי שלי, ושלך שלך, נאָר ער רעכנט, אַז די גאַנצע וועלט איז זיינס.

(א. א. ראָבאַק: „דער פֿאָלקסגייסט אין ייִדיש״)

**שלי־שלך, ושלך־שלי** (אבות ה, י)

מיינס איז דיינס, און דיינס איז מיינס.

שלי שלך, שלך שלי — מיינס דיינס, דיינס מיינס, הפֿקר ציבעלעס!

(ש״ע: „טבֿיה דער מילכיקער״)

**שליח מיוחד** *

ספעציעלער שליח.

קומט טאַקע אַריין אַ שליח מיוחד פון פּריץ, מען רופט אים אונטערשלאָגן אַ פעלק.

(י. ל. פּרץ: „בערל דער שניידער")

**שליח־ציבור** *

שליח פון דער קהילה; בעל־תפילה.

יואל שטייט צווישן זיי, איז זייער שליח־ציבור.

(ש. אַש)

שטייט אַ שליח־ציבור ביים עמוד און רייסט איין וועלטן.

(י. ל. פּרץ)

**שלילת־הגלות**

דאָס בעגירן דעם גלות, דאָס אונטערשאַצן די אויפטוען פון יידן אין גלות.

דער מינדסטער קער פון ישראל צו שלילת־הגלות... וועט זיין קאַטאַסטראָפאַל פאַר ישראל.

(ה. לייוויק: „עסייען און רעדעס")

**שלשלת־יוחסין** (ירושלמי, סוכה פרק נה) *

יחוס־קייט.

ער איז געווען די קרוין פון דער משפחה, די ערשטע רינג פון אונדזער שלשלת־היוחסין.

(י. י. טרונק)

**שם דבר** *

באַוווסטע זאַך.

לייבס קאַשטאַנעס (פערד) זענען געווען אַ שם־דבר.

(ש. ביקל: „לייבא גוי")

**שם המפורש** (יומא פרק ו) *

דער עכטער נאָמען פון גאָט, וואָס ווערט נישט אַרויסגערעדט.

װיל איך, הייב איך מיך אויף דורכן שם המפורש און פלי מיר װי אַן אָדלער.

(ש״ע: „שיר השירים״)

**שם טוב** (אבות ב, ז) *

אַ גוטער נאָמען.

בעסער אַ שם־טוב אײדער אַן אבן־טוב. (פאָלקסװערטל)

**שם רע** (דברים כב, 14) *

אַ שלעכטער נאָמען.

ער לאָזט אויף אים אַ שם־רע, אַז ער האָט פײנט דעם כלל ישראל. (ממ״ס)

**שמאל דוחה, וימין מקרבת** סוטה מז)

די לינקע האַנט שטויסט אָפּ, און די רעכטע — דערנענטערט.

דער אַלטער רב איז געװען צו מיר מילד און האָט מיך הײס פאַרטײדיקט, אָבער אויסגעמוסרט דערבײַ אַ ביסל. ער האָט מקיים געװען דעם שמאל דוחה וימין מקרבת.

(ר. ברײנין: „פון מײַן לעבנסבוך״)

**שמונה עשרה** (ברכות פרק ד) *

אַכצן [ברכות]. נאָמען פון דער װיכטיקסטער תפילה בײַם דאַװנען.

צוריק גײט מען נאָר נאָך שמונה־עשרה.

(פאָלקסװערטל)

**שמח בחור בילדותך!** (קוהלת יא, 9)

פרײ זיך, בחור, אין דײַן יוגנט!

און װען כ׳האָב נעכטן געכאַפּט מײַן זונדל מיטן פּאַכטערס טאָכטער, האָב איך אים געדאַרפט טאָן אַ קניפּ אין באַק: שמח בחור בילדותך, הא?

(י. אָפּאַטאָשו: „אין פּױלישע װעלדער״)

**שמחה וששון ליהודים** (מגילת אסתר ח, 17)
פרייד און לוסטיקייט פאַר יידן.
ווּהין איך פלעג נאָר קומען מיטן פערד און וועגעלע, איז געווען שמחה וששון ליהודים.

(ממ״ס: „בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה״)

**שמינית שבשמינית** (סוטה ה) *
„אַן אַכטל פון אַכטל״, אַ קלייניקייט.
דאָס דאָזיקע פּאַרפּאָלק פאַרמאָגט נישט אפילו קיין שמינית שבשמינית פון מנחם־מענדלס הו־האָ.

(א. קריב: „די צוויי אויסדערוויילטע״)

**שמן זית זך** שמות כז, 20)
קלאָרער איילבירטן־בוימל. באַצייכענונג פאַר אַ געאײדלטן מענטש, פאַר אַ זיידענעם יונגן־מאַנטשיק.
רופט זיך אָן דעם בעל־שם־טובס אייניקל מיט זיין שמן־זית־לשון און מיט זיין צוקער־זיס שמייכעלע.

(ש״ע: „קנאָרטן״)

**שמע, ישראל!** (דברים ו, 4) *
הערט, יידן! (אַן אויסגעשריי אין אַ סכנה). אין איין „שמע ישראל״ — אין איין מינוט.
מיר קענען אויך דעם היסטאָרישן ייד, ווי ער איז דורכגעגאַנגען... דורך אינקוויזיציעס, ווי ער האָט מיט שמחה אויסגעשריגן דעם שמע ישראל.

(י. גלאַטשטיין: „אין תוך גענומען״)
מען קלעטערט אַרויף אין איין „שמע ישראל״ אויפן העכסטן בוים.
(ש״ע)

**שנאת־חנם** *
אומזיסטיקע שנאה.
און טאָקע איז געווען צו לייענען די געשיכטע פון צווייטן בית...

כדי צו זען, אַז טאַקע האָבן די שנאת־חינם, די קריגערייען און רײַסע־רײַען חרוב געמאַכט דאָס לאַנד.

(א. א. גאָלאָמב: „אײביקע חעגן פון אײביקן פאָלק")

**שנאת־ישראל**

יידן־פײַנטשאַפט, אַנטיסעמיטיזם.

מיט גרויס חריפות דעקט ער (באָראָכאָוו) אויף די אומפאַרמײַדלעכקייט פון שנאת־ישראל אין די באַדינגונגען פון זײַן צעזייט און צעשפּרייט איבער דער וועלט.

(ז. שזר: „ליכטיקע פערזענלעכקייטן")

**שנוי־שם** *

נאָמען־ענדערונג.

דער שינוי־שם האָט באַצייכנט אַ העכערן עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פונעם סעמינאַר.

(ד"ר ר. מאַהלער)

**שני שבשלישי** (לויט סנהדרין כח) *

אַ משפּחה־אָנקערעכץ. אַ ווײַטער קרוב. אַ צווייטער וואָס אין דריטן.

נישט קיין קרובים, דאָס הייסט, אפילו יאָ שטיקלעך שני־שבשלישי, זייער ווײַטע קנעפּלעך פון דער מאַמעס צד.

(ש"ע: „מיטן עטאַפּ")

**שנת בצורת** (ירמיה יז, 8)

אַ יאָר פון טריקעניש, אַ טרוקן יאָר.

עס איז, לא עליכם, אַ שנת־בצורת — אַ הונגער געווען! לײדיקע זאַנגען, שטרוי!

(י. ל. פרץ: „חסידיש")

**שעיר לעזאזל** (ויקרא טז, 10) *

דער באָק, וואָס איז אַוועקגעשיקט געוואָרן יום־כיפּור אין מדבר,

כדי מיט זיין טויט מכפר צו זיין אויף די חטאים. אַן אומשולדיקער קרבן, אַ כפרה־הינדל

מ׳וועט סיי ווי אַרויפליגן די שולד אויף מיר, איך בין דער אייביקער שעיר לעזאזל.

(י. באַשעוויס : „די פֿאַמיליע מושקאַט״)

**שערי־דמעות** *

טויערן פון טרערן, פון געוויין (אין הימל).

זיין תפילה דאַרף דאָך אויפהייבן און פירן אין שערי־דמעות אַריין.

(י. ל. פרץ)

**שערי־רחמים** *

טויערן פון רחמנות (אין הימל). אַ תפיסה בלשון סגי־נהור.

האָט ער אָבער מיט איין קאַפּיטל תהילים געקאָנט אויפרייסן די שערי־רחמים.

(ב. האַגער : „מלכות חסידות״)

אַ צווייטער זיצט אין שער־רחמים שוין דאָס דריטע יאָר.

(י. אָפּאַטאָשו)

**שערי־תפילה** (ברכות לב) *

טויערן אין הימל צו אויפנעמען די תפילות.

זענען די שערי־תפילה אַזוי שפּעט נאָך פאַרמאַכט? האָט ר׳ לוי יצחק קיין כוח נישט אָנצוקלאַפּן?

(י. ל. פרץ : „בערל דער שניידער״)

**שעת־הדחק** (אבות ב, ג) *

אַ נויטצייט, אַ שווערע צייט.

אפשר וואָלט געווען אַ סברא, איר זאָלט זיך... אַ רוק טאָן זיך בשעת הדחק אַ ביסעלע אַראָפּ. (ש״ע : „מנחם מענדל״)

**שעת־חרום** (לויט כתובות יז)

אין אַ צייט פון סכנה, אין אַ מלחמה־צייט.

ר׳ אהרעלע האָט געוווּסט, אַז ס׳איז שעת־חירום, נאָר וואָס איז דער אויפטו פון אַנטלויפן?

(י. באַשעווּיס: „די פאַמיליע מושקאַט״)

**שעת־הכושר** *

אַ פּאַסיקע צייט. אַ געלעגנהייט.

דער דאָזיקער באַדייטפולער יובל וועט געוויס זיין אַ שעת־כושר... צום אונטערזוכן די גרונטשיכטן און די וויטאַליטעט־כוחות פון דעם בעל־יובלס דיכטונג.

(נ. אַלטערמאַן: „אברהם שלאָנסקי״)

**שפיכות־דמים** *

בלוט־פאַרגיסונג. שווערע באַליידיקונג.

דו קאָנסט דאָך נישט זען קיין שפיכות־דמים.

(ש. אַש)

ער איז זיי מוחל די שפיכות־דמים, און איז מוחל אַלעמען פאַר אַלע פינף און צוואַנציק שווערע ביטערע יאָרן.

(ש״ע: „שמואל שמעלקיס און זיין יובילעום״)

**שפוך חמתך!** (ירמיה י, 25) *

„גיס אויס דיין צאָרן!״ לאָז אויס דיין כעס! נעם נקמה!

באַפרייט מיך אויך פון שפוך חמתך! איך בין נאָך צו יונג, פאַרסמט מיר נישט דאָס בלוט מיט נקמה.

(י. ל. פּרץ: „עס גייט צו פּסח״)

**שקיעת החמה** (זבחים נו) *

זונזעצונג, זונאונטערגאַנג.

רב לייביש חקרן, אַ ייד אַ פילאָזאָף, וואָס איז געווען קלאָר אין שקיעת־החמה פון דער זון אַליין.

(ש״ע: „דער זייגער״)

**שקלא וטריא** (לויט בבא מציעא סד) *

ויכוח, מיינונג־אויסטויש.

די שקלא־וטריא פון דעם טראַדיציאָנעלן לערנען איז זייער נוציק דערציערייש.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

**שקר אין לו רגליים** (לויט שבת קד)

**שקר האָט נישט קיין פיס. שקר האָט נישט קיין קיום.**

**שקר אין לו רגליים — איז ער טאַקע דאָ מיט אונדז געבליבן.**

(פאָלקסווערטל)

**שקר החן והבל היופי** (משלי לא, 30)

**חן איז שקר, און שיינקייט איז נאַרישקייט.**

**דער ייד ווייסט, אַז שקר החן והבל היופי, די אַלע שמאַכטעס זענען נישט ווערט אַ צעבראָכענעם דרייער.**

(ממ"ס: „צוריק אַהיים")

**שקר וכזב** *

אַ גרויסער ליגן.

עס איז שקר וכזב, אַז נאָך חמי"לן (נאָך כמעלניצקין) הערן זיך משיחס טריט.

(י. י. טרונק: „משיח־געוויטער")

**שרוי בצער** (סוטה מח)

האָט גרויס צער, איז פאַרזאָרגט.

ער זיצט טיף אַריינגערוקט אין פאָטעל, פאַרטראַכט... עפּעס אַ שרוי בצער!

(י. ל. פרץ: „דער בעל־שם פירט אויס אַ שידוך")

**שריד ופליט** (יהושע ח, 22) *

אַן איבערבלייבעניש, אַ רעשט (נאָך אַ חורבן).

אַ ווינט — די טראַטוועס צעריסן, דאָס וואַסער — דאָס געהילץ צעיאָגט... קיין שריד ופליט געבליבן.

(י. ל. פרץ: „דער בעל־שם פירט אויס אַ שידוך")

**ששון ושמחה** (ישעיה כב, 13)

לוסטיק און פריילעך.

אין שטוב איז ווידער געוואָרן ששון ושמחה, גוט אויפן האַרצן.

(ש״ע: „די ערשטע קאָמונע״)

**ששת ימי המעשה** (יחזקאל מו, 1)

זעקס אַרבעטטעג, זעקס וואָכעדיקע טעג.

וואָס ווייסן זיי פון די רעיונות און זעענישן מחוץ די ששת ימי המעשה? (י. י. טרונק: „משיח־געוויטער״)

**שתיקה כהודאה דמיא** (יבמות פז)

שווייגן הייסט: צושטימען, שווייגן הייסט: זיך מודה זיין.

שתיקה כהודאה דמיא; אַז דו שווייגסט, איז גלייך ווי דו וואָלסט זיך מודה געווען.

(ש. אַש: „דער תהילים־ייד״)

## ת

**תאווה לעיניים** (בראשית ג, 6)

אַ חשק פאַר די אויגן. אַ חשק עס אָנצוקוקן, אַ שיינקייט און אַ פּראַכט.

און איז נאָך די פּרי אַ הדר (אַ שיינקייט) ווי דער פּסוק זאָגט: תאווה לעיניים... נעמט מען נאָך די פּרי צו פענער שמחת־תורה.

(י. ל. פּרץ: „כרת״)

**תבן אין נתן — ולבנים אומרים לנו עשו!** (שמות ה, 16)

קיין שטרוי גיט מען נישט, און ציגל הייסט מען אונדז מאַכן.

מען פאָדערט צו מאַכן די אַרבעט, און קיין מאַטעריאַל גיט מען נישט.

מען מוז אַ שטיק פון בודזשעט אויסגעבן אויף באַשפּייזונג, מיר קאָנען נישט זיין ווי ביי פּרעהן: תבן אין ניתן לנו, ולבנים אומרים לנו: עשו!

(ש. אַש: „דאָס געזאַנג פון טאָל״)

**תהא נשמתו צרורה בצרור החיים (תנצב״ה)** (שמואל־א כה, 29)

זאָל זיין נשמה זיין פאַרבונדן אין בונד פון אייביקן לעבן (אויפשריפט אויף יידישע מצבות).

זיין נאָמען איז אַריין אינעם צעטל פון די געפאַלענע און איך קאָן נאָר זאָגן: „תהי נשמתו צרורה בצרור החיים", און אַ גוטער מליץ זאָל ער זיין.

(ש״ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

**תוהו ובוהו** (בראשית א, 2) *

כאַאָס, צעמישטקייט, אומאָרדענונג.

אין דרויסן איז תוהו ובוהו, אין קוימען פייפט, אַז ס'נעמט אָן אַ גרויל.

(י. באַשעוויס: „די עצה")

**תוך כדי דבור** (בבא קמא עג) *

גיך ווי מען רעדט אַרויס, גלייך אויפן אָרט.

אין תוך־כדי־דיבור פאַלן אויף זיי פון סטעליע אַראָפּ ווייסע, שניי־ווייסע קישנס.

(י. ל. פרץ: „דער קונצנמאַכער")

**תוכו אכל וקליפתו זרק** (חגיגה טו)

דאָס אינעווייניקסטע (פון מילגרוים) האָט ער אויפגעגעסן און די שאָלעכץ — אַוועקגעוואָרפן. דאָס גוטע (פון פרעמדע) האָט ער איבערגענומען און דאָס שלעכטס האָט ער אַוועקגעוואָרפן.

ס'איז געווען די מעטאָדע פון תוכו אכל וקליפתו זרק, אַ דרך, וואָס ער האָט תמיד... אָנגעווענדעט לגבי גרויסע דערשיינונגען פון דער בּישט־יידישער וועלט.

(א. צייטלין: „מיין פאָטער")

**תוכו כברו** (ברכות כח)

ער איז אַזוי אינערלעך ווי אויסערלעך, אַזוי טראַכט ער און אַזוי רעדט ער.

אַ חוש־הריח האָב איך און איך דערפיל פון ווייטנס אַ תלמיד־חכם, צי ער איז תוכו כברו.

(י. ל. פרץ: „אַ קאַפּיטל תהילים")

**תוכו רצוף אהבה** (שיר השירים ג, 10) *

אין גאַנצן דורכגעדרונגען מיט ליבשאַפט.

אַ ניגון ברענט, טאַקע תוכו רצוף אהבה, אויסגעווייקט איז ער מיט ליבשאַפט.

(י. ל. פרץ: „אַ גילגול פון אַ ניגון")

**תורה אחת יהיה (תהיה) לכם** (במדבר טו, 29)

איין תורה זאָל זיין פאַר אייך אַלע.

תורה אחת יהיה לכם, מיינט עס: איין פאָרעם פון באַהאַנדלען אַלעמען גלייך.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

**תורה וגדולה במקום אחד** (גיטין נט) *

תורה און גדולה אין איין אָרט (געפּאָרט צוזאַמען).

און עפנט ער דאָס מויל, שיטן זיך פּערל!... מיט איין וואָרט — תורה וגדולה במקום אחד. (י. ל. פרץ: „לא תחמוד")

**תורה מן השמים** *

תורה פון הימל.

איך האָב געפילט, אַז עס איז אַפּיקורסות, אַז ער לייקנט אין תורה מן השמים.

(ר. בריינין: „פון מיין לעבנסבוך")

**תורה שבכתב** *

געשריבענע תורה (תנ"ך).

די צדוקים האָבן בשעתם נישט געוואָלט אָפּטרעטן כחוט השערה פון דער תורה שבכתב.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

**תורה שבעל־פה** (שבת לא) *

מינדלעכע תורה (תלמוד).

דאַ נאָך אַ תורה שבעל־פה, וואָס ער האָט איבערגענומען פון זיין טאַטן, זיין טאַטע פון זיין זיידן.

(ש. מילער: „חור המדבר")

**תורת־חיים** („שמונה עשרה") *

תורה פון לעבן.

יידיש פאָלק קאָן לעבן ווען זיין יידישקייט, זיין תורה איז אַ לעבעדיקער פּראָצעס, אַ תורת חיים. (א. גאָלאָמב: „ישראל ואורייתא")

**תורת משה** (מלאכי ג, 22)

די תורה פון משה רבנו (חומש), אַ זאַך וואָס מען קאָן נישט אָפּפרעגן.

תורת־משה ווייסט נישט פון קיין שטראָף אַלס נקמה.

(י. ל. פּרץ)

ער האָט אויסגעוויזן מיט טויזנטער ראיות, אַז אַלץ וואָס ער זאָגט איז הייליק, תורת־משה, אמת.

(ש"ע: „אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט")

**תורתך בתוך מעי** (תהילים מ, 9)

דיין תורה איז אין מיינע געדערים. דיין תורה איז אין מיר אינעווייניק (אין מיין בלוט).

תורתך בתוך מעי — אין דעם מאַרך פון דיינע ביינער דאַרף זי אַריינדרינגען, אין אַלע ווינקעלעך פון דער נשמה.

(א. גאָלאָמב: „אייביקע וועגן פון אייביקן פאָלק")

**תחום המושב** *

וווינגעביט. די ערטער, וווּ יידן האָבן געמעגט וווינען אין צאַרישן רוסלאַנד.

דאָס יידישע לעבן אין דעם תחום המושב, אין דעם יידישן שטעטל איז געווען אָרעם און בלאַס.

(ר. בריינין: „פון מיין לעבנסבוך")

**תחום שבת** (עירובין פרק ה) *

שבת־גרענעץ (שטרעקע וואָס מען מעג גיין שבת).

באַלד דערמאָנט ער זיך, אַז עס מוז שוין זיין אַ תחום־שבת, שטעלט ער זיך אָפּ.

(י. ל. פרץ: „דער אוצר")

**תחיית הלשון העברית**

אויפלעבונג פון דער העברעישער שפּראַך.

די פּאָלעמיק מיט בן־יהודה האָט מיך געבראַכט צו פּאַראינטע־רעסירן זיך נאָך מער מיט זיין טעטיקייט אויפן געביט פון תחיית הלשון העברית.
(ר. בריינין: „פון מיין לעבנסבוך")

**תחיית־המתים** (סנהדרין י) *

פון טויט לעבעדיק ווערן. אויפלעבונג, ווידערגעבורט.

און ווייל מיר זענען געפאַלן אין וואַרשע — זענען מיר אויפ־געשטאַנען תחית־המתים אין ארץ־ישראל.

(א. סוצקעווער: „צום צענטן יאָרצייט")

**תחנונים ידבר רש** (משלי יח, 23)

דער אָרעמאַן רעדט ווייכע רייד, דער אָרעמאַן בעט רחמנות.

דערזען, אַז גדלות גייט דאָ נישט, האָב איך אָנגעהויבן מיט רחמים, ווי זאָגט איר: „כי בתחנונים ידבר רש".

(ש"ע: „מעשיות פון טויזנט איין נאַכט")

**תילי־תילים** (מנחות כט)

גאַנצע הויפנס, זייער אַ סך.

די רביים קאָנען אָנוואַרפן תילי־תילים מיט פּשטלעך.

(א. א. ראָבאַק: „דער פאָלקסגייסט אין יידיש")

**תינוק שנשבה בין הגויים** (שבת סח)

אַ קינד וואָס איז פאַרכאַפּט געוואָרן דורך גויים. איינער וואָס ווערט אויפגעצווונגען צו טאָן מעשים קעגן זיין געוויסן.

װען עס װאָלט געקאָנט געמאָלט זײַן אַ גױישער תינוק שנשבה לבין היהודים, װאָלט ער מיט דער צײַט געװען מער ייִד װי אַ ייִדישער תינוק שנשבה לבין העכו״ם.

(ח. גרינבערג: „ייִד און װעלט״)

**תינוקות של בית רבן** (ברכות ה) *

חדר־ייִנגלעך, קלײנע שולקינדער.

פון חדרים און תלמוד־תורהס האָט מען געהערט די קולות פון קינדער, די תינוקות של בית רבן.

(י. באַשעװיס: „די פאַמיליע מושקאַט״)

**תכלית־שנאה** (תהילים קלט, 22) *

פאַרביסענע שנאה.

ער האָט פײַנט געהאַט די „פרומע קופּקע״ בתכלית השנאה דער־פאַר װאָס זי האָט די מאַמע געמוסרט.

(ש. אַש: „דער תהילים־ייִד״)

**תכסיסי מלחמה** *

מלחמה־טאַקטיק, מלחמה־סטראַטעגיע.

פון תכסיסי־מלחמה האָבן מיר נישט געװוּסט, מיר װײסן נישט און מיר װילן נישט װיסן.

(ממ״ס: „מסעות בנימין השלישי״)

**תל עולם** (דברים יג, 17) *

דאָס חרוב מאַכן, רוּינירן, פאַרװאַנדלען אין אַ באַרג שטײנער.

אַז גאָט װיל נאָר, מאַכט ער פון מיר אַ תל־עולם אין אײן כהרף־עין.

(ש״ע: „טביה דער מילכיקער״)

**תלוי (תלויה) על בלימה** (לויט איוב כו, 7)

הענגט אויף גאָרנישט, האָט נישט קײן אָנהאַלט.

האָדעווען זיך קינדער אָן אַ שטײַגער, בלײַבט די גאַנצע ייִדישקייט א „תלויה על בלימה״.

(א. גאָלאָמב: „אײביקע װעגן פון אײביקן פאָלק״)

**תלמוד תורה כנגד כולם** (פאה פרק א)

לערנען תורה איז אַנטקעגן אַלץ. לערנען תורה איז װיכטיקער פון אַלץ.

דאָס לערנען איז דער װיכטיקסטער ציל פון לעבן, די גרעסטע מצווה — „ותלמוד תורה כנגד כולם״.

(א. גאָלאָמב: „תורה לשמה״)

**תמונת־אות** *

אַ צורה פון אַן אות, אַ געשריבן װאָרט.

חדשים לאַנג איז פון גימפּלען נישט אָנגעקומען קיין תמונת־אות... אויסן אויג — אויסן האַרץ.

(י. באַשעוויס: „די קליינע שוסטערלעך״)

**תמות נפשי עם פלשתים** (שופטים טז, 30) *

לאָמיך אומקומען צוזאַמען מיט די פלישתים (נאָר נקמה מוז איך נעמען)!

דער גייסט פון „תמות נפשי עם פלישתים״ האָט װוּנדער געשאַפן.

(ש. אַש)

**תמצית שבתמצית**

דער סאַמע עיקרדיקער טייל.

יעדער דינסטער בייג פון אַ קנייטש גייט אַרײַן אין קינסטלערישן תמצית שבתמצית פון נוסח עגנון.

(מ. גראָס־צימערמאַן: „ש. י. עגנון״)

**תניא דמסייע** *

אַן אויטאָריטאַטיווע אונטערשטיצונג.

זי איז געקומען אַלס תניא דמסייע און פאַרזיכערט, אַז אַזאַ פּראָ־יעקט איז פאַראַן.

(י. ל. פרץ)

**תעלא בעידניה — סגיד ליה [השועל בזמנו — השתחוה לו]** (מגילה טז)

אַ פוקס אין זיין צייט (אַז מען קרוינט אים פאַר אַ מלך), בוק זיך צו אים.

אָנגעהויבן האָט ער... „תעלה בעידנה סגיד ליה" — אַ פוקס אין זיין צייט, אַז מען דאַרף צו אים אָנקומען...

(ש"ע : „זומערדיקע ראָמאַנען")

**תענוגי־עולם**

פאַרגעניגנס אויף דער וועלט, גשמיותדיקע תענוגים.

אַ כפרה די גאַנצע וועלט מיט אַלע תענוגי־עולם, און אפילו מיט דער גוטער פרישער מילכיקער סעודה.

(ש"ע : „אקדמות")

**תפוצות־ישראל** *

יידישע קהילות אין דער וועלט, לענדער ווו יידן געפינען זיך.

איז מען זיך נוהג אין תפוצות־ישראל צו פאַרברענגען די צייט מיט טעלעגראַמעס און ווונטשקאַרטן.

(י. ל. פרץ)

**תקיעת־כף** (משלי ו, 1) *

פייערלעכער צוזאָג דורך געבן די האַנט.

זיך געגעבן די האַנט, תקיעת־כף, אַז מיר זאָלן זיך זען, כאָטש איין מאָל אין וואָך.

(ש"ע : „די רויטע יידלעך")

**תרגום־לשון** *

די שפּראַך פון איבערזעצונג. שווער לשון, נישט־פאַרשטענדלעכע שפּראַך.

מען הערט נישט אויף צו שיטן אַלץ מיט יענעם תרגום־לשון,
וואָס מען קאָן פון אים זיך אויסברעכן אַלע ציין.
(ש״ע : „המן און מרדכי״)

**תרי״ג מצוות** (תנחומא הקדום, תצא) *
זעקס הונדערט דרייצן מצוות (ת=400, ר=200, י=10, ג=3).
אַ יידיש קינד טראָגט אין זיין האַרץ, אין זיין נשמה אַלע תרי״ג
מצוות.
(י. האָפּער : „ר׳ תנחום״)

**תרתי משמע** (לויט מגילה יד)
דאָס וואָרט האָט צוויי טייטשן.
צו קאָמענטירן אין אַלגעמיינע סטאַטיסטישע טערמינען — „סטאַ־
טיסטיש״ תרתי משמע: מיט טרוקענע סטאַטיסטישע ציפערן און ווי
סטאַטיסטן, אָן פולע, אחריותדיקע ראָלן.
(י. גלאַטשטיין : „אין תוך גענומען״)

# פון זעלבן מחבר

„העברעיזמען אין דער יידישער שפּראַך"
(פאַרלאַג „בידערשלעזיע", ווראָצלאַוו, 1949)

„ממעין החכמה של עם ישראל"
„חכמה פון יידישן קוואַל"
(פאַרלאַג י.ל. פּרץ, תל־אביב, 1962)

„פניני חכמה"
(הוצאת „תרבות וחנוך", תל־אביב, 1964)